הערש שישלער

# קרומער שפּיגל

הומאָרעסקעס * סאַטירעס * שאַרזשן



ארויסגעגעבן דורך דעם
פאַרלאַג „קאַיאַר"
יאָהאַנעסבורג
דרום־אַפריקע
תשי"ד — 1953

פון זעלבן מחבר דערשינען: „פריילעכע זיג־זאגן" — װארשע, 1937; „שמייכל און געלעכטער" — יאהאנעסבורג, 1949; „קרומער שפיגל" — יאהאנ־עסבורג, 1953. גרייט צום דרוק — „אין לאנד פון גאלד".


אדרעס פון מחבר:

HERSH SHISHLER

P.O. BOX 7690

JOHANNESBURG

SOUTH AFRICA

# אינהאלט:

# כ׳בין ניט קיין רעדנער

## (במקום א הקדמה)

וואָס איז אַ פאָרוואָרט ? איך פאַרשטיי, אַז אַ פאָרוואָרט איז אַ רעדע, אַ מין דרשה, וואָס דער שרייבער „רעדט״ עס אַריין אין בוך — און די לייע־נער לייענען עס אַרויס, — אָבער רופן רופט מען עס פאָררעדע, פאָרוואָרט.

היות איך בין אַ שוואַכער בעל־דרשן, וועל איך דעריבער קיין פאָררעדעס ניט געבן. דאָס אַרטיקל דאָ, וואָס איך גיב במקום אַ פאָרוואָרט א.נ. „כ׳בין ניט קיין רעדנער״, וועט דעם חשובן לייענער באַווייזן, אַז קיין רעדנער בין איך ניט. כ׳וועל זיין אָפנהאַרציק און זאָגן, אַז ניט נאָר קיין רעדנער בין איך ניט, נאָר איך האַלט זיך אפילו אויך פאַר קיין שרייבער ניט...

איך וויל אייך שוין דאָ אויפקלערן, אַז איך בין ניט קיין רעדנער, כ׳בין עס ניט. כ׳בין עס קיינמאָל ניט געווען און האָב עס ניט בדעה צו זיין.

ריידן איז אַ טאַלענט, אַ טאַלענט וואָס ניט אַלע האָבן עס, און איך — אַוודאי ניט !...

פאַראַן רעדנער וואָס הייבן אָן זייערע רעדעס קאַלט, אָבער ביים ריידן צעוואַרעמען זיי זיך און פאַרענדיקן — הייס. פאַראַן ווידער רעדנער וואָס הייבן אָן זייערע רעדעס הייס, אָבער פאַרענדיקן קאַלט, מען טראָגט זיי,נעבעך, אַרויס פון זאַל ק א ל ט ע...

איך הייב ניט אָן הייס און ניט קאַלט, בכלל הייבט זיך ביי מיר ניט אָן...

פאַראַן פיל וואָס זיינען ניט קיין רעדנער, און פון דעסטוועגן ריידן זיי. איך אָבער בין ניט דרייסט דערצו, אַן אומגליק מיט מיר — כ׳קאָן ניט עפענען ס׳מויל. אַז איך עפן שוין אַמאָל דאָס מויל, איז עס נאָר פאַר מיין צייןדאָקטער...

איך שטעל זיך פאָר, אַז דער וואָס האָט אויסגעטראַכט צו האַלטן רעדעס, האָט גע־מוזט זיין אַ גרויסער נ ו ד נ י ק. אָבער נישקשה, מען קאָן אויך זיין אַ גרויסער נודניק, ווען מען לייענט אַ רעדע...

מען זאָגט, אַז די קונסט פון ריידן גייט איבער בירושה פון עלטערן צו קינדער, פונקט ווי עס גייט איבער אַ גוטע ירושה, אָדער אַ גוטע קרענק...

נאָר אַזוי ווי מיינע עלטערן זיינען קיינמאָל קיין רעדנער ניט געווען, איז דעריבער צו מיר ניט איבערגעגאַנגען די רייד־ירושה, עס איז נישטאָ דערפון וואָס צו ריידן...

מיין פאָטער כידוע איז פון אַלע זיינע יאָרן געווען אַ שטילער, אַ שווייגנדיקער, האָט ווייניק גערעדט, געווען אַ גרויסער קמצן אויפן לשון. אויך מיין מוטער איז געווען אַ קנאַפּע רעדנערין. אַנשטאָט ריידן האָט זי ליב געהאַט צו לייענען. זי האָט געלייענט ביכער, ראָמאַ־נען, צייטונגען, פלאַקאַטן — אַלץ. זי האָט געלייענט פאַר זיך און מיט איר לייענען קיינעם ניט גענודזיעט, ניט ווי איך...

איז ווי איר זעט, איז מיין מאַמע געווען א לייענערקע, זי האָט געלייענט בריוו פאר שכנים וואָס האבן באקומען פון אויסלאַנד, געלייענט די צאינה־וראינה, געלייענט קריאת־שמע, אָבער קיין רעדנערקע איז זי קיינמאָל ניט געווען. דאָס איינציקע וואָס איך געדענק, וואָס מיין מוטער האָט גערעדט, איז געווען צום טאַטן מיינעם — געלט...

אויך מיינע שוועסטערס און ברידער זיינען געווען קנאַפּע רעדנער, זיינען געווען זייער באַשיידן מיטן וואָרט, און אז זיי האָבן שוין אַמאָל געעפנט די מיילער, איז עס געווען נאָר דאַן, ווען זיי האָבן געוואָלט גענעצן...

כ׳האָב געהאַט אן אָנקל איז ער אויך געווען א גרויסער שווייגער. זיין מאַטאָ איז געווען: „שווייגן איז גאָלד״. דאַכט זיך, אז דאָס איז געווען דאס איינציקע גאָלד, וואָס מיין אָנקל האָט פארמעגט...

א קוזין האָב איך געהאַט, איז ער יאָ געווען א שטיקל מומחה אויף ריידן, ער האָט געהאַט א געשליפן צינגל, געריסן זיך צו טריבונעס ריידן. ס׳האָט אמאָל פּאַסירט, אז מיין קוזין האָט ביי אונדז אין שטאָט אויפן מארק־פּלאַץ גערעדט, געגעבן א דרשה, האָט אָבער זיין ריידן ניט שונא־חן געווען ביי דער פּאָליציי, האָט מען אים דערפאר פארשפּאַרט אין ח ד ־ ג ד י א, וווּ ער האָט זיך אָפּגערוט אייניקע חדשים... אז מיין קוזין איז ארויס אויף דער פריי, איז ער שוין געווען אויס רעדנער, האָט פארלאָרן דעם מוט צו ריידן. ער איז געוואָרן א שווייגער — צוגעפּאַסט זיך צו דער משפּחה אונדזערער...

נאָך א קוזין מיט א לייבלעכע קוזינע האָב איך געהאַט, זיינען זיי געווען די אמתע שווייגער. האָבן גאָרניט געוואָלט ריידן, פאר קיין מיליאָן א וואָרט האט מען פון זיי ניט געקאָנט ארויסקריגן, זיי זיינען געווען פון דער נאַטור שווייגנדיקע, כמעט פון געבאָרן־אָן — שטומע, נעבעך...

איז דעריבער ניט קיין וווּנדער, פארוואָס איך בין ניט קיין רעדנער, ס׳איז אזא משפּחה־פעלער... א פעלער פון וואָס איך לייד פיל, אָבער ווען איך זאָל ניט האָבן אָט דעם פעלער און גערעדט, וואָלט איר, מיגלעך, מער געליטן...

עס איז אינטערעסאַנט, אז ווען מען בעט מיך ריידן, ווער איך ממש א טויטער, אלע אברים שטאַרבן מיר אָפּ און דער ערשטער קרבן — איז מיין צונג...

איך בין מקנא מענטשן וואָס האָבן טאַלענט און קאָנען ריידן, ריידן אפילו אומגעבעטן. אַבער דאס רוב זיינען אזעלכע רעדנער געבעטענע: — מען בעט זיי, אז זיי זאָלן אויפהערן ריידן...

איך האָב א חשד, אז אויב כ׳זאָל נאָך אביסל ווייטער ציען מיין שמועס דאָ, וועט מען מיך באַלד צורעכענען צו יענער קאַטעגאָריע רעדנער, האַלט איך דעריבער, אז אנשטאָט האלטן א רעדע — צו האלטן געשלאָסן ס׳מויל...

# א יידיש בוך

דאָס אָנשרייבן א יידיש־בוך איז אפשר ניט אזוי שווער, ווי עס ארויס־געבן, און נאָך ערגער איז מיטן פארשפרייטן... פארקויפן א יידיש־בוך אין דער גאָלדענער אַפריקע קומט אָן מיט שפיכת־דמים, מיט גרינע ווערים, גריזאָטע און מיט א סך פארדרוסן...

אין דער אמתן געזאָגט זיינען אַפריקאַנער יידן גרויסע קויפערס, גוטע קאָנסומענטן: זיי קויפן, קויפן לייכט און אלץ. קויפן „שערס", דימענטן, גאָלד, פלעצער, ווילעס, געביידעס, פאַבריקן, לאָטעריע־צעטלען, פוטערס — מיט איין וואָרט — אלץ, נאָר ניט קיין ביכער קויפן זיי, נאָך דערצו יידישע ביכער...

מען איז ניט קאַרג פאר אלע לוקסוסן, פאר ווילטאָגן, פאר געמבלע־רייען, פאר צירונגען, אויטאָס, פיאַנאָס, האָלידייס, רייזעס אין אויסלאַנד — אויף דעם אלעם איז מען זייער מילד, מען איז נאָר זייער קאַרג, קמצנים צו קויפן א יידיש־בוך...

מען איז ניט קאַרג איינצוואָרדענען פיינע פאַרטיעס, „קאָקטיילס", „גיימס" און אנדערע פארוויילונגען. מען שטעלט זיך שיין, מען באַווייזט, אז געלט האָט קיין ווערט ניט, אָבער גאָר אנדערש ווייזן זיך ארויס די זעלבע יידן, ווען עס קומט צו א יידיש בוך, ווען מען באַט זיי אָן א בוך קויפן.

וואָס אַן אמת זיינען אַפריקאַנער יידן גוט־הארציקע, גיבן צדקה פאר שוהלן און, להבדיל, פאַר קלויסטערס... זאָגן ניט אָפּ קיין יידישן משולח, א רב און ,להבדיל, א גלח, האָבן גוטע וואַרעמע הערצער אונדזערע יידן. נאָר קויפן א יידיש־בוך ווערן זיי אייז־קאַלטע, עס ווערט פארפראָרן זייער גוט־הארציקייט, פונקט ווי זיי וואָלטן זיך געפונען אינעם קאַלטן סיביר, און ניט אין דער טראָפּישער אַפריקע...

אז א יידישער שרייבער גורט אָן זיינע לענדן און גיט ארויס אמאָל אין א יובל, מיט גרויסע צרות און מאַטערניש, א יידיש־בוך, שטעלט זיך די האַרבע קשיה — ווו זאָל ער דאָס פארשפרייטן? ס'איז נאָך א גליק וואָס מיר האָבן דאָ יידישע בוך־געשעפטן, טראָגט מען דאָרט אוועק א ביסל ביכער, אפשר וועט זיך עמעצער אויף זיי מרחם זיין...

די בוך־הענדלער ביי אונדז זיינען גוטע יידן, נעמען זיי א ביסל ביכער און זאָגן צו טאָן זייער „בעסט״ פאר די דרייסיק פּראָצענט קאָמישאָן. נעמט דער שרייבער און טיילט איין זיינע ביכער צווישן די בוך־הענדלער, גיט יעדן זיין חלק ביכער — און וואַרט, וואַרט, אז זיי זאָלן זיי פאַרקויפן.

גייט אוועק א וואָך און צוויי, א חודש און מער — און די בוך־הענדלער ענטפערן דעם שרייבער ביי יעדעס מאָל קומען, אז די ביכער זיינע גייען ניט, יידן קויפן ניט, עס זיינען פאַראַן בעסערע זאַכן צו קויפן, ווי יידישע ביכער...

עצהט א צווייטער יידישער שרייבער, וואָס האָט מער געניטקייט צו פאַרשפּרייטן א יידיש־בוך אין אפריקע, וואָס האָט זיך אויף דעם געביט שוין לאַנג אויסגעגרינט און ווייסט דעם סוד פונעם ביכער־מאַרק דאָ. זאָגט ער יענעם, אז ער זאָל אָפּנעמען די ביכער פון די בוך־הענדלער, זיי וועלן קיינמאָל ניט פאַרקויפן! זאָל ער נעמען די ביכער און זיך מטריח זיין מיט זיי גיין איבער די יידישע הייזער, קלאַפּן אין די טירן און מיט כוח ארייַנשטופּן, אנדערש וועט ער ניט פאַרקויפן קיין איין איינציקן בוך זיינעם.

עס איז טאַקע א פיינע עצה, אָבער ניט אלע קאָנען איר אָננעמען, ווייל ניט אלע יידישע שרייבער זיינען פעאיק גיין איבער די הייזער. אפריקע איז א גרויס לאַנד מיט ווייניק יידן. אגב, זיינען דאָ פאַראַן א הונדערט טויזנט יידן, כן ירבו, אָבער גאָר א קליינע צאָל פון זיי האָבן אן אינטערעס פאר יידיש, פאר א יידיש־בוך. איז דעריבער ניט אזוי לייכט יענע יידן אויפצוזוכן... בלויז יאָהאַנעסבורג מיט אירע פאַרשטעט „באַארבעטן״, איז גאָר ניט קיין לייכטע מלאכה, בפרט נאָך, ווען א סך גיבן זיך ניט אָן אלס יידן, באהאלטן זיך, אָדער זאָגן, אז יידיש געהערט זיך ניט אָן מיט זיי, זיי ריידן ניט קיין יידיש און לייענען ניט קיין יידישע ביכער.

אין אזא לאַגע איז דאָס גיין איבער יידישע הייזער אן ארויסגעוואָרפענע ארבעט. עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אז ניט נאָר איז די אַרבעט אן ארויסגעוואָרפענע, נאָר אויך דער פאַרקויפער... יאָ, דער פאַרקויפער פון יידישע ביכער, ווערט אויך אמאָל ארויסגעוואָרפן פון יידישע הייזער...

עס זיינען אָבער פאַראַן פאַרעקשנטע שרייבער־פאַרקויפער וואָס ווערן ניט מיד, שטייען ניט אָפּ, שרעקן זיך ניט...

אָבער ניט אלע שרייבער האָבן געדולד מיט געזונטע פיס און כוחות גיין איבער די הייזער מיט זייער פעקל ביכער. היות מען קוקט דאָך אויס כעני בפתח, דערנידעריקט און קליין, — איז מען געוואָרן קליגער, מען שרייבט ווייניקער, מען גיט ניט ארויס קיין ביכער — און אויס, א סוף צו אלע צרות און פאַרדרוסן... זיינען דאָך אָבער דאָ שרייבער, עקשנים וואָס ווילן מיט גוואַלד ארייַנשטופּן דאָס יידישע וואָרט, א יידיש בוך, וואָס זשע טוען זיי?

זיי טוען אָט וואָס, יענע שרייבער. זיי נעמען ארויס יידישע נעמען מיט יידישע אַדרעסן פון די טעלעפאָן און אדרעסן־ביכער און שיקן זייערע ביכער.

איז טאַקע געוואָרן א מאָדע ביי אונדז, אז א יידישער שרייבער גיט ארויס א בוך, דאַרף ער שוין ניט קיין פארקויפער, קיין בוך־הענדלער — ער דאַרף נאָר דעם טעלעפאָן און אַדרעסן־בוך... ער קאָן איצט רואיק זיצן אין שטוב, פארשפאָרט אויסגעריסן צו ווערן מיט די טראַמווייען און „באַסעס״, פאַרשפאָרט ברעכן די פיס און אָנריידן זיך. ער פאַקט איין זיינע ביכער, שרייבט ארויף דעם אדרעס, קלעפט אָן א פאָסט־מאַרקע און ווינטשט צו זיין בוך א צאתך לשלום — און עס איז אלץ גוט און וויל... ער דאַרף נאָך וואַרטן אויף די רעזולטאַטן, אויף קליין־געלט...

און די רעזולטאַטן זיינען אזעלכע: יידן דערהאַלטן די געשיקטע ביכער. יענע יידן וואָס לייענען יידיש, עפענען זיי די ביכער, קוקן א ביסל אין זיי, זאָגן ארויס מבינות, — און שיקן אָפּ מיטן צושריפט: „געלייענט אייער בוך, א דאַנק״.

אנדערע יידן עפענען אויף אזא בוך און דערזעען יידישע אותיות, מאַכן זיי עס גיך צו, שפּרינגען דערפון אָפּ, ווי זיי וואָלטן אָנגערירט חזיר, א גנבה, אָדער א דונער וואָלט זיי געטראָפן... פּאַקן זיי עס צוריק גיך איין און שיקן עס אָפּ...

פאראַן ווידער אנדערע יידן ביי אונדז, אז זיי באַקומען צוגעשיקט א בוך, מאַכן זיי זיך ניט ווויסנדיק, פארשווייגן דעם גאַנצן עסק. ניט זיי לייענען, ניט זיי צאָלן — און ניט זיי שיקן אָפּ...

פאראַן אָבער יידן וואָס האָבן ניט קיין האַרץ צו נעמען א בוך פון אַן אָרעמען שרייבער, שיקן זיי עס אים צוריק. אָבער קיין פּאָסט־הוצאות ווילן זיי ניט צאָלן... דער שרייבער באַקומט צוריק דאָס בוך, וואָס ער האָט ארויסגעשיקט מיט ציטערדיקע הענט און מיט א צאַפּלדיק האַרץ פון בטחון און האָפענונג. זיין בלוט און שוויס קומט אים אָן צוריק מיט אַן אומעטיקן פנים, פאַרענדערט, פארשמוציקט, צעקנייטשט און מיט פלעקן פון פיש־יויך און צימעס... דאָס ערגסטע נאָך איז, ווען ער דאַרף נאָך צוצאָלן טאָפּעלע פּאָסט־הוצאות...

פאראַן אויך יידן וואָס האַלטן זיך פאַר קולטור־טוער, זיינען אין די פעדערן און בלאָזן זיך, מאַכן טרעוואָגע, אז די יידישע קולטור קאָסט זיי אָפּ קורח׳ס אוצרות. אז עס קומט אָבער קויפן א יידיש בוך, ווייזן זיי זיך ארויס זייער אָרעם, נעבעכדיק און קליין, זיי קויפן ניט קיין ביכער, און אז עס „גליקט״ און יענע קויפן שוין, איז די צרה, זיי ווילן קיינמאָל ניט באַצאָלן...

ס׳איז אינטערעסאַנט, אויף אַן אָוונט וואָס די קולטור־פעדעראַציע ביי

אונדז האָט איינגעאָרדענט פאַר מיר און מיין בוך, האָט איינער א ייד, א קולטור־טוער, געגומען איינטייל אינעם אָוונט, געלייענט א ספּעציעלע שאַפונג געווידמעט דעם אָוונט, און אויף א הומאָריסטישן אופן געגעבן אָנצוהערן, אז מיין בוך האָט אים געקאָסט א „גינע״ (א פונט מיט א שילינג) וועלנדיק דערמיט ווייזן, אז ער איז א מילדער ייד און האָט באַציאונג צו א יידישן שרייבער און אינטערעס פאַר א יידיש בוך — אָבער דער אמת איז געווען, אז מיט א פּאָר טעג שפּעטער האָט יענער קולטור־מענטש אָפּגעשיקט ס׳בוך, אָן א וואָרט און אָן א פּעני...

ניט אלע יידן שיקן אָפּ די ביכער מיט דער פּאָסט, פאַראַן אַזעלכע וואָס זיינען ניט נאָר קאַרג קויפן א בוך, נאָר אויך קאַרג אויף פּאָסט־מאַרקעס, נעמען יענע און ברענגען אליין אָפּ. ס׳איז ניט קיין עוולה, אז יידן ווילן זיך איינשפּאָרן א פּאָר פּעניס...

ברענגט מיר א ייד צוריק א בוך און טוט עס א שמיץ מיר: „נאָט אייך אייער בוך!״ — בייזערט ער זיך — „כ׳לייען ניט קיין יידישע ביכער און שיקט מיר מער ניט זיי!״

א צווייטער ייד האָט צוריקגעברענגט מיין בוך און צו מיר זיך אָפּגערופן:

„איר האָט דאָך מיך מיט אייער בוך פאַרשעמט פאַר ווייב און קינדער, פאַר שניר און איידעמס. איר זייט ניט קיין שרייבער, נאָר א גרינער, א גרינע חיה זייט איר! ס׳געהערט, יידישע ביכער וויל ער מען זאָל קויפן, גאָר יידישע ביכער!...״

א דריטער ייד, א שטיקל גבאי פון א קאָנגרעגיישן, האָט צוריקגעבראַכט דאָס בוך און זיך פאַר מיר פאַרענטפערט, אז ער לייענט ניט קיין „זשאַרגאָן״, די יידישע אותיות זיינען אים פרעמד. עס איז געגוג, אז ער לייענט די היגע ענגלישע „פּייפּערס״...

נאָך א ייד האָט מיר אָפּגעברענגט דאָס בוך און צו מיר געזאָגט: „נעמט אייך צוריק אייער בוך, ס׳איז א פּוסטע מעשה, ס׳איז ניט וויכטיק! ניטאָ דאָרט קיין איין שטיקל אינטערעסאַנטע נייעס, ניט קיין עקסעדענט, קיין רויב־אָנפאַל, קיין אומגליק, גנבה, פאַרגוואַלדיקונג־אַקט, — גאָרניט! איז צו וואָס דאַרף איך אַזאַ בוך? פאַר צוויי פּעניס קויף איך א צייטונג, האָב איך אלע נייעס מיט אלע אומגליקן!...

אנדערע האָבן אָפּגעשיקט דאָס בוך דערקלערנדיק, אז זיי קאָנען ניט לייענען קיין יידיש, די יידישע שפּראַך איז זיי פרעמד, איך זאָל זיי פאַרגעבן. איצט ווייס איך שוין, אין דער צוקונפט, אז איך וועל שיקן א ייד א בוך, וועל איך מיטשיקן א מלמד...

איינער א ייד האָט מיר געלאָזט ווידער וויסן, אז איך זאָל קומען אָפּנעמען דאָס בוך. ער איז ניט קיינעמס משרת — און אז איך וועל ניט קומען עס נעמען, איז ער ניט פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן בוך — און קומען זאָל איך נאָר אין באַשטימטע שעהן...

א ייד וואָס האַנדלט מיט פּרוכטן און גרינוואַרג האָט מיר געשריבן א בריוול פול מיט „קאָמפּלימענטן". ער איז זייער צופרידן, וואָס איך האָב אים געשיקט מיין בוך, עס איז זייער פרוכטבאַר. נאָר א גרינגער בין איך, אויב איך חלום, אז ער וועט דערפאַר באַצאָלן...

צום סוף ווילט זיך אויך זאָגן א גוט וואָרט, עס מוז געזאָגט ווערן, אז עס געפינען זיך דאָ אויך גוטע יידן, טייערע יידן וואָס רופן זיך אָפּ מיט גרויסער פאַרשטענדעניש פאַר א יידישן שרייבער און זיינס א בוך. א שאָד נאָר וואָס זייער צאָל איז ניט גרויס, אָבער צום גוטן און מיט גרויסער ליבשאַפט דאַרפן יענע גוטע יידן דערמאָנט ווערן, וואָס א דאַנק זיי ווערט ניט אויסגעלאָשן דער יידישער פונק אינעם אַפריקאַנער מדבר. הלוואי יענע יידן זאָלן זיך מערן! א דאַנק זיי וועט דאָס יידישע בוך און יידיש־קולטורעלע לעבן האָבן דאָ א קיום!

# ווי אַזוי יידן ריידן יידיש

די ערשטע רעדע, גערעדט אויף א „ריינעם" יידיש, האָב איך געהערט אין יאָהאַנעסבורג, מיט א סך יאָרן צוריק. ס'איז געווען א „ספּיטש" פון אַ טשערמאַן פון אַ פּראָמינענטער יידישער סאָסייטי דאָ. האָט ער אָוועקגע־ספּיטשעוועט מיט אַ „ליידיס ענד דזשענטלמען" א גאַנצן אָוונט, א „רעדע" וואָס האָט געגומען שטיקן אין יידישע העלדזער...

פון דעמאָלט אָן, שוין קרוב א צוואַנציק יאָר, האָב איך ניט אויפגעהערט צו הערן א פאַרענגלישטן יידיש, וואָס יידן ריידן דאָ, אין זייערע היימען, אין גאַס, אין געזעלשאַפטן, אין שוהל, אויפן בית־עולם, אויף חתונות, אויף ברית'ן און ביי אנדערע געלעגנהייטן.

כאַפּט טאַקע אָן א חלשות צו הערן, ווי יידן ביי אונדז הרגענען און קוי־לענען אַוועק די יידישע שפּראַך, דאָס יידישע וואָרט, יידיש־לשון. אינגאַנצן האָבן זיך יידן ניט אַסימילירט, האָבן זיי פארקאָכט א קאַשע; ענגליש־יידיש, יידיש־ענגליש — א צונויפמיש פוןביידע לשונות.

די מיש־מאַש־שפּראַך פון ענגליש־יידיש, יידיש־ענגליש, וואָס יידן ביי אונדז באַנוצן, רופט אָפּט ארויס געלעכטער, א געלעכטער וואָס ווייטאָגט. די קינדער לאַכן פון זייערע עלטערן, ווי אזוי זיי ריידן „ענגליש", וואָס איז חצי־יידיש, אָבער טאַטע־מאַמע מיינען, אז זיי ריידן שוין א פּערפעקטן ענגליש...

א יידישע מאַמע רופט זיך אָפּ אין „ענגליש" צו איר זונעלע: „איזילע, פּליז טעל" דעם טאַטן, „טו העוו ברעקפעסט!" נו, „דאָנט וועיסט טאַים", רוף דעם „דעדי"! איך מוז מאַכן „לאָונטש" גרייט, מיר האָבן דאָך „פּיפּל פאָר לאָונטש!"...

און אָט רעדט א יידישע פרוי צו איר אַלטן טאַטן, אין א „ריינעם" יידיש: — „דעדי" גיי אריבער צום „בוטשער" — מיסטער גאַנץ, און „גיוו הים דהיס מעסעדזש", ער זאָל מיר „דעליווערן" דעם „אָרדער", און זאָג אים, אז ער זאָל ניט פאַרגעסן אוועקצולייגן צוויי „טוירקעס" פאַרן „וויק־ענד", ער זאָל מיך ניט „דיסאַפּאָינטן", ווי „לאַסט וויק". „יעס, דעדי", אין „וואָן וועי", גיי אריין אין „דרייפּערי־שאָפּ" און קויף מיר צוויי „יאַרד לינען" און א „פּער סאָקס" פאַר מייקלען, „סייז פייף!..."

און א צווייטע יידישע פרוי, זאָגט צו איר מאַן אזוי אין „יידיש": „באַרנע, גאָו דאַונסטעירז" צום „גייבאָר" און ברענג דאָס קינד. ער וועט נאָך „קעטשן

א קאָלד". נו, גיי שוין, וועסט זיך מאַכן שפּעטער דעם „שייוו!" דו האָסט „פּלענטי אָוו טאַים" מיטן „שייוו". „האַררי אַפּ", גיי ברענג דאָס קינד, ס'איז דאָך א „מיזריבל" וועטער!

און א יידישער מאַן רעדט אויף „יידיש" און רופט זיך אָפּ צו זיין פרוי: „רייטשעל, ווהער איז מיין מאָרנינג גאָון?" יעדן טאָג מוז איך אים זוכן! „נעקסט־טאַים" לאָז אים „נעקסט" צו מיין בעט, אויפן „טשער". — און מיט מיינע „סליפּערס" מוז איך אויך „עווערי מאָרנינג" ווערן „ביזי". מאַך מיר „קוויק ברעקפעסט", איך האָב צו „אַטענדן" פיל „ביזנעס". איך מוז נאָך לויפן אויפן „סטיישאָן" אָפּנעמען דעם „בעגעזש", און „האַף פּאַסט טען" האָב איך און אַ „פּאָינטמענט" מיטן „לאָיער!"

און אָט ריידן צוויישן זיך צוויי יידן: וואָס מאַכט מען? „האַו דו יו דו?" „האַו איז יו ניו ביזנעס?" עפּעס א גוטער „ספּאָט"? „אַי סאָלד מיי ביזנעס", עס האָט ניט געצאָלט זיך, געהאַט „האַי רענט", נו, האָב איך געפּאַקט א גוטן „בייער", ער האָט איבערגענומען דעם „סטאָק" מיט די „פּיקטשורס", נאָך געגעבן מיר א גוטן „גודוויל". „אַי גאָד נאַטהינג טו וואָררי"!

און אָט ריידן צוויי יידישע פרויען צווישן זיך: וואָס מאכט מען, „מיסעס" הערינג? געהאַט א „נייס האָלידעי? האַו וואָז דהי וועטער? לאַסט מאָונט" בין איך געווען אין דערבן, געהאַט א „פּור האָלידעי". דער „טייבל אין האָטעל איז געווען „וועריי פּור". נאָר „פיש ענד עגס, סטעיג ענד עגס!" א גאנצן טאָג „עגס ענד עגס!" איך בין געוואָרן „פעד אַפּ", און די „סי" איז געווען „ראַף", „נאָ־מאָר דערבן!"

און אויף פאַרזאַמלונגען, באַריכטן פון פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס און אנדערע, הערט מען דעם „טשערמאַן", דעם „טרעזשורער" און „קאָמיטי־מעמבערס" ריידן א „יידיש" וואָרט רירט זיך ניט אָן דעם „לײדיס ענד דזשענטל־מען" און מען רופט דעם „פּאַבליק" צו האָבן „פּיישאנס", צו זיצן אויף די „טשערס". דער „האָנאָראַרי־סעקרעטאַרי" גייט פאָרלייענען די „מינוטס". עס קומען פאָר „דיסקאַשנס", און דער „טשערמאַן" רופט צו „אָרדער", ער האָט זייער „אימפּאָרטנס" צו זאָגן...

און אין די שוהלן, בתי־מדרשים, אז גאָט העלפט שוין און אונדזערע רבנים, גבאים און „רעווערענדס" באַוויליקן צו ריידן זייערע דרשות אויף יידיש, וואָס דאָס איז א זעלטנהייט, — איז דער רעזולטאַט אזעלכער: די דרשות קומען ארויס, ניט ערגער און ניט בעסער, ווי אלע אנדערע רעדעס און דרשות ביי אונדז, וואָס זיינען, ווי שוין געזאָגט דאָ, א געמיש פון יידיש־ענגליש, ענגליש־יידיש...

ניט געקוקט אויף דעם אַלעם, מאַכט מען „ספּיטשעס" צו די „מעמבערס" מיט „אַפּילס" מיט „פּרייערס" מיט „סערמאָנס" מיט „פּאַרטיס" און „געימס". מען מאַכט „קאָלעקשנס" מיט „עלעקשאָנס". ידן פּראַוועץ דאָ „וועדינגס", „אינגיידזשמענטס", „בירדעי־פּאַרטיס" און „פיונעראלס". מען מאַכט „ווי־זיטס", „האָלידעיס", „קאָקטיילס", „אפטערנון־טי׳ס" — און עס איז „אָקעי"...

און אזוי לעבן זיך אויס אַפריקאַנער ידן — „ידישלעך" און אזוי ריידן זיי „ידיש"...

# קולטור־שליחים אין דרום־אַפריקע

אין דרום־אפריקע קומען, ברוך השם, פאַר פיל קאַמפּיינס, אקציעס און זאַמלונגען פון יעדן סאָרט און מין — און טאָקע איטלעך טאָג. אז עס גייט אוועק א טאָג אָן א זאַמלונג, לאַנגווייליקן זיך שוין אַפריקאַנער יידן.

מיט א צייט צוריק איז דאָ געווען אַן אַקציע, דער קאַמפּיין פאַר דער יידישער ענציקלאָפּעדיע און פאַרן „ייוואָ": צוויי וויכטיקע און חשובע קול־טור־אינסטיטוציעס, וואָס זיינען א גרויסער כבוד און שטאָלץ פאַר יידן.

ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דער דערמאָנטער קאַמפּיין, זיינען פאַר דעם צוועק ארויסגעגאַנגען די זאַמלער, צוזאַמען מיט די חשובע שליחים, וואָס זיינען ספּעציעל געקומען אַזש פון די וויטע לענדער. מען איז געגאַנגען נאָר צו אָנ־געוויזענע פאַרמעגלעכע יידן, אַלרייטניקעס, וואָס קאָנען געבן א פיינע מטבע. אויך איז מען געגאַנגען צו אַזעלכע, וואָס האָבן א שטיקל חוש און פאַרשטענד־ניש פאַר יידישע קולטור־אינסטיטוציעס.

זיינען די געסט, די שליחים פון „ייוואָ" און דער יידישער ענציקלאָפּע־דיע, געקומען אין יידישע הייזער, אין וואַרעמע היימען און האָבן אויפגעקלערט וועגן דער שליחות זייערער, וועגן דער וויכטיקייט פון „ייוואָ" און יידישער ענציקלאָפּעדיע, און יידן האָבן זיך ניט לאַנג געלאָזט בעטן, און ארויסגעוויזן יענע — קאַלטע אויפנאַם.

דאָך האָבן זיך געפונען גענוג גוטע יידן מיט גוטע יידישע הערצער, וואָס א חוץ פאַר ארץ ישראל און אנדערע קאַמפּיינס, גיבן זיי אויך פאַר קולטור־הצטרכותן.

פאַראַן אָבער א סך וואָס האַלטן זיך פאַר קולטורעלע מענטשן, ריידן רק וועגן קולטור און מאַכן דעם אָנשטעל, אז זיי ווערן, נעבעך, שיעור ניט דערשטיקט און דערוואָרגן פון דער קולטורלאָזער סביבה ארום זיי, נאָר אַז מען קומט צו זיי וועגן א קולטור־ענין בעטן הילף, ווערן זיי אויס קולטורעלע מענטשן....

מען בעט העפלעך זיצן די שליחים, מען גיט זיי טיי מיט קוכן, מען מאַכט זיך היימיש, און ווען עס קומט צום עיקר, בעט מען זיי קומען — א צווייטן מאָל.

אנדערע שעמען זיך ניט און בעטן קומען א דריטן מאָל און א פערטן מאָל אויך. נישקשה, עס מאַכט ניט אויס, וואָס דען האָבן שליחים צו טאָן, אויב ניט צו גיין און קומען. איבעריקנס, וואָס מער זיי וועלן גיין און קומען, מער נוצן וועלן זיי דערפון האָבן, וועלן זיך באקענען מיט דער שטאָט, מיט די שטאָט־קוואַרטאַלן, גאַסן און מענטשן, דאָס איז אויך עפּעס ווערט...

אין א רייך יידיש הויז האָט דער בעל־הבית שוין געהאַט אויסגעשריבן א פיינעם טשעק. האָט יענער געוואָלט קלאָר מאַכן, פארוואָס ער גיט דעם טשעק, און ווען די שליחים האָבן געזאָגט, אז דאָס איז פארן „ייוואָ" און יידישער ענציקלאָפּעדיע, האָט דער ייד געפרעגט תמעוואַטע:

— אזוי, פארן ייוואָ, פארן ייוואָ, ווו געפינען זיך די יידן? וואָס פאר א לאנד איז ייווע?

— „ייוואָ" איז ניט קיין לאַנד, — האָבן די שליחים דערקלערט דעם ייד, — „ייוואָ" איז אן אינסטיטוט, דער יידיש וויסנשאפטלעכער אינסטיטוט!

— הם, און איך האָב געמיינט, אז דאָס קלייבט איר פאַר יידן!

— אַוודאי פאר יידן און ניט פאר קיין גויים!

— טאָ וואָס דרייט איר א ספּאָדיק מיט אן אינסטיטוט! זאָגט, אז איר קלייבט פאר יידן, פאר א ישיבה, פאר א תלמוד־תורה, א שוהל און נאַרט מיך ניט! איך האָב פיינט, אז מען נאַרט מיך, איך האָב פיינט בלאָף! מיט מיר מאַכט מען ניט קיין מאַנקי־ביזנעס! — האָט דער ייד זיך צעבייזערט.

ווען די שליחים זיינען אריין אין א צווייטן יידיש־הויז, האָבן זיי שוין ניט געוווסט וואָס צו זאָגן, דער בעל־הבית האָט זיי ארויסגעהאָלפן:

— אוודאי געקומען קלייבן געלט?

די שליחים האָבן זיך געפונען א ביסל פארלאָרן און געענטפערט:

— ר׳ ייד, בייזערט זיך ניט אויף אונדז, מיר זיינען ניט געקומען קלייבן געלט, עס איז די מעשה פונקט קאַפּויער, מיר זיינען געקומען אייך געבן געלט... יאָ, איר זעט אָט די ביכער וואָס מיר האָבן דאָ? מיר וועלן אזעלכע ביכער פון אייך קויפן, ביי אייך באשטעלן... מיר וועלן אייך צאָלן א גוטע פרייז!...

דער ייד האָט געקוקט אויף די ביכער און אויף די שליחים און ניט געוווסט וואָס צו ענטפערן. ער האָט זיך פאַרשעמט און פארלאָרן אָפּגערופן:

— ניין, אזעלכע ביכער, יידן, האָב איך ניט, איך קאָן אייך זיי ניט געבן! איך קאָן אייך געבן געלט, ניט קיין ביכער, האָט דער ייד זיך געבעטן...

— יאָ, האָבן צופרידן געענטפערט די שליחים, — מיר וויסן, אז איר האָט ניט די ביכער, מיר זיינען דעריבער געקומען צו אייך פון ווייט וועגן זיי!

דער ייד האָט זיך באשטייערט מיט א שיינער סומע און איז געווען צופרידן און די שליחים — אויך.

# מאָנאָלאָג פון אַ פליט

א גליק האָט מיך געטראָפן, כ׳בין געוואָרן אויס לאַגער־מענטש, אויס די־פּי, אויס קאַצעטניק — אויס מיט די אלע נעמען! איצט האָב איך א נייעם נאָמען באקומען — גרינער! אין דער אמתן בין איך אלע מיינע יאָרן געווען א גרינער, ספּעציעל אונטער דער היטלער־ממשלה און שפּעטער אין די לאַגערן בין איך געווען פאַרגרינט, גרין־אויסגעריסן געוואָרן, איצט אין דער גאָלדענער אפריקע בין איך אויפסניי גרין געוואָרן!

ס׳איז א פיינע מדינה אפריקע, יידן לעבן זיך דאָ בעסער, ווי די די.־פּי.־יידן האָבן געלעבט אין די בעסטע צייטן אין די לאַגערן פון דייטשלאַנד. ס׳איז מיר נאָר שווער אויסצוגעפינען, ווער עס זיינען דאָ די יידן... די פרומע יידן, די רבנים און כלי־קודש, ריידן דאָ ניט קיין יידיש, ענגליש ריידן זיי, א גויאישן איינדרוק מאַכן אויף מיר די יידן!...

מיינע פריינד, וואָס האָבן מיר געהאָלפן אריבערקומען אהער, זיינען צו מיר זייער גוט און פריינדלעך, טוען פאַר מיר אלץ, לערנען מיך זיך אויסגרינען, ווייזן מיר אָן ווי זיך נוהג זיין, ווי זיך האַלטן צווישן מענטשן, לערנען מיך א ביסל די ענגלישע שפּראַך. ווייזן מיר אָן, ווו מען דאַרף זאָגן „יעס" און „נאָ" און פאַרקערט — „נאָ" און „יעס". אָבער דאָס איז ניט פאַר מיר קיין נאָ־יעס!

מען פירט מיך דאָ ארום ווייזן די טעאַטערס, פּאַרקן, די קאָרטן־פּאַרטיעס, — אפילו דעם משוגעים־שפּיטאָל. אגב, האָב איך פּראָטעסטירט, דאָס איז מיר ניט אינטערעסאַנט, כ׳האָב דערווייל ניט בדעה משוגע צו זיין, האָט מען מיר אויפמערקזאַם געמאַכט, אז אפריקע איז א לאַנד פון אלע מיגלעכקייטן!...

מיט דער שפּראַך איז מיר ביטער, איך קאָן ניט צו־גוט ענגליש. אז איך באַגעגן זיך מיט יידן, בין איך א פאַרלאָרענער מיט מיין יידיש! דערפאַר אָבער פיל איך זיך היימישער און בין ניט שטום, ווען איך געפין זיך צווישן גויים... גויים פאַרשטיין מיך בעסער, ווי די אַפריקאַנער יידן!

אַ לאַנדסמאַן האָט מיך באַזאָרגט מיט א „דזשאָב". אָן א „דזשאָב" אין אַפריקע, האָט ער מיר דערקלערט, איז מען ווי אָן הענט, אָן פיס און אָן א קאָפּ.

אז איך האָב דאָס דערהערט, האָב איך זיך געהייסן ברענגען גיך דעם „דזשאָב", האָט מיר מיין לאַנדסמאַן געזאָגט, אז דעם „דזשאָב" קאָן ער מיר ניט ברענגען, איך מוז אים גיין נעמען. מילא, בין איך אַוועק נעמען דעם „דזשאָב". פרעגט דאָרטן אַ מאַן מיך: „וואָט איז יור דזשאָב"? — פרעג איך מיין לאַנדסמאַן: וואָס זאָגט דער אדון? האָט מיין לאַנדסמאַן מיר פארטייטשט, אז ער פרעגט — וואָס איז מיין „דזשאָב". האָב איך געזאָגט, אז איך האָב קיין „דזשאָב" ניט, כ'וויל א „דזשאָב"!...

מלא־שמחה האָט מיין לאנדסמאן מיר אָנגעזאָגט, אז ער האָט פאר מיר א „קאָטער־דזשאָב". האָב איך אים געזאָגט, אז איך בין אים מוחל דעם „קאָטער־דזשאָב", כ'האָב שוין גענוג געהאַט קאָטאַרן! אין די לאַגערן האָב איך געהאַט קאָטאַרן, יעדער קאָטאַר האָט אָנגעהאלטן 12 חדשים אין יאָר, און אז עס איז געווען אַן עיבור־יאָר, האָט מיין קאָטאָר אָנגעהאַלטן 13 חדשים.

אין דער אַלטער היים, ווען מען וואָלט איינעם פאַרגעלייגט א „קאָטאַר־דזשאָב", וואָלט מען באקומען אויסגעהאַקט אלע ציינער! אָבער אין אַפריקע אין מען דזשענטללייט, מען האָקט ניט קיין ציינער! מען האָקט א טשייניק, מען האָקט בלאָף, רכילות, בארימערייען — אָבער ניט קיין ציינער. איבעריקנס, ווער האָט דען דאָ ציינער?

איידער איך בין געקומען אין אפריקע, האָב איך געמיינט, אז דאָס איז א גאָלדענע לאנד, אז מען שאַרט דאָ דאָס גאָלד אין די גאַסן! איצט זע איך, אז ס'איז ליגן. מען שאַרט גאָרניט קיין גאָלד דאָ, און עס זיינען דאָ גענוג קבצנים!...

יאָ, וואָס איז דאָס פאר א מאָדע ביי אפריקאנער יידן, אז זיי פּראַווען שמחות, חתונות, תנאים'ס, און להבדיל, לוויות נאָר אין זונטאָג־טעג. מילא, אז מען לייגט אָפּ שמחות אויף די זונטאָג־טעג, פארשטיי איך נאָך, אָבער ווי מאַכט מען מיטן שטאַרבן, ווי אזוי לייגט מען דאָס אָפּ?

מען האָט מיך דאָ אַנומלטן מיטגענומען אויף א שמחה אין א שיינעם לוקסוס־זאַל. פון כל־טוב האָט מען דאָרט סערווירט, שוין לאַנג אזוינס ניט געזען! מיר האָבן געגעסן, געטרונקען — פארבראַכט זיך ניט שלעכט!

כ'וואָלט אייך נאָך א סך דערציילט, אָבער איך האָב ניט קיין צייט, כ'בין באשעפטיקט מיט דער ענגלישער קרענק, כ'מיין מיט דער ענגלישער שפּראַך, אוי האָב איך דאָ צרות פון איר. מיין ליטווישער לאַנדסמאַן זאָגט מיר, אז יעדן־טאָג מוז מען „שייוון", אזא מדינה איז אַפריקע, אז מען מוז „שייוון". טייטשט מיר אויס מיין פוילישער פריינד, אז דאָס מיינט ראַזירן. אָבער מיין ליטווישער לאַנדסמאַן איז אש להבה ווען יעדעס מאָל, ער זאָגט מיר „שייוון", קום איך צוריק פון „באַרבער" אַן אָפּגעראַזירטער... ער מיינט „שייוון", ניט ראַזירן,

נאָר „שיזון", שפּאָרן — און איך גאָר ברענג אויס! מיין פּוילישער באַקאַנטער דערקלערט מיר, אז שפּאָרן זאָגט מען אויף ענגליש — „סיזון", און אז מיין ליטווישער לאַנדסמאַן דערהערט „סיזון", וויל ער מיך ממש ממיתן! ער זאָגט, אז כ'בין א הולטאַי, אַן אויסבערענגער! איך קאָן זיך אַליין מאַכן א „סיזון" און ניט שטאָפּן דעם באַרבער מיט געלט, איך מוז „שיזון", „שיזון"!...

דערווייל לייד איך פונעם „שיזון" און „סיזון", איך בעט נאָר, אז איך זאָל דערפון ניט אָפּ„סיזון" א קרענק... וואָס פאַר א שפּראַך איז דאָס די ענגלישע, וואָס ביי א פּוילישן ייד מיינט „סיזון"־שפּאָרן, איז ביי מיין ליטווישן לאַנדסמאַן „סיזון"־ראַזירן...

איך האָב נאָך א סך צו זאָגן און קלאָגן זיך אויף דער ענגלישער שפּראַך. איך האָלט אין שטודירן דעם ריכטיקן באַטייט פון „שילינג" און „סילינג", פון „סער" און „שער", פון פיס און פיש. א שפּראַך האָבן זיך אָפּגעזוכט אפריקאַנער יידן, פונקט ווי זיי האָבן זיך אָפּגעזוכט די נייע קולטור פון קאָרטן!

# אין אַפריקע איז אַלץ קאַפּויער...

ווען איך בין געקומען אין מדינת כּוש, דאָס מיין איך אפריקע, האָב איך גלייך באַמערקט, אז אַלץ איז דאָ אנדערש, פאַרקערט, קאַפּויער, להיפּוך צו דער אלטער היים. די אַנדערשקייט האָב איך באמערקט אויף טריט און שריט.

ווען אין דער אַלטער היים, אין דער איצט־חרובער היים, איז קאַלט, ס׳איז ווינטער מיט שנייען און פרעסט, איז אין דער זעלבער צייט אין דרום־אַפריקע אזוי הייס, אז מען קאָן צעשמאָלצן און פאַרברענט ווערן פון די היצן, און ווען דאָ ווערט קאַלט, איז דאָרטן, אין דער אַלטער היים, דער שיינער און ליבער זומער. עס איז אלץ פאַרקערט אין אפריקע.

ווען אין אפריקע קומען די קורצע טעג מיט די לאַנגע נעכט, קומען אויף יענער זייט ים די לאַנגע טעג מיט די קורצע נעכט. ווען מיר האָבן אין אפריקע די לאַנגע טעג, קומען דאָרט די קורצע טעג. אפילו די לבנה איז דאָ אויך א פאַרקערטע, קוקט פונקט קאַפּויער...

ס׳איז דאָ א פאַרקערטע וועלט.

ניט נאָר אין דער צייט און אין קלימאַט איז אזוי היפּוכדיק דאָ. אין פריוואַטן לעבן, אין די הייזער, אין גאַס איז אלץ קאַפּויער.

אין דער אַלטער היים זיינען יידישע חתונות פאַרגעקומען פרייטאָג, שבת־צו־נאַכט און אין אנדערע טעג — א חוץ זונטאָג טעג. אין דרום־אפריקע קומען פאָר יידישע חתונות, מייניסטן, אין זונטאָג־טעג, און גויאישע חתונות, אין אנדערע טעג, נאָר ניט זונטאָג...

אין דער אַלטער היים זיינען יידן אויף יום־טוב געקומען אהיים צו פאָרן פון ווי ווייט זיי זיינען ניט געווען. זיי האָבן געוואָלט יום־טובן ביי אן אייגע־נעם היימישן טיש, מיט ווייב און קינדער. דאָ, אין אפריקע, איז פאַרקערט, אז עס קומט יום־טוב אַנטלויפט מען פון דער היים אין דער פרעמד אריין...

אויך דער סדר פון סערווירן די מאָלצייטן איז דאָ אַן אַנדערער. פריער פאַר אַלץ, גיט מען אייך דעם קאָמפּאָט... אין דער אַלטער היים איז דאָס געווען דער לעצטער מאכל. דערפאַר אָבער גיט מען אין אפריקע נאָכן עסן, פאַרבייסן פלאָדן, קיכלעך, ביסקוויטן, קעז, ווען אין דער אַלטער היים איז דאָס געווען דער אָנהייב...

כיבוד גיט מען געסט דאָ פארן אוועקגייך, אזא טראַדיציע. אין דער אלטער היים, אז מענטשן זיינען געקומען האָט מען באלד ארויפגעשטעלט כיבוד אויפן טיש. אנדערש איז אין אפריקע, דאָ קוקט מען אויפן זייגער, אויב עס איז 4 בייטאָג, אָדער 10 ביינאַכט, דערלאנגט מען טיי מיט מילך, קיין אנדערע צייט וועט מען קיין גלעזל וואַרעמס ניט אָנקוקן, אזא מנהג איז דאָ. און אז מען טרינקט אויס די טיי, גייט מען גלייך אוועק. אין דער אַלטער היים, אז מען האָט אויסגעטרונקען די טיי, האָט מען זיך ערשט אוועקגעזעצט...

אין דער אַלטער היים איז מען געגאַנגען רעכטס, געפאָרן רעכטס, אלץ אויף רעכטס. אין אפריקע איז פאַרקערט, דאָ איז אלץ לינקס, גיין לינקס, פאָרן לינקס, קיין רעכטס איז דאָ נישטאָ...

אין דער אַלטער היים איז מען פריער געגאַנגען זיך אָפּשרייבן, נאָכדעם חתונה האָבן. אין אַפריקע איז קאַפּויער, פריער האָט מען חתונה און דערנאָך גייט מען זיך אָפּשרייבן...

אין דער אַלטער היים, איז א גביר געווען — א גביר, און אַן אָרעמאַן — אַן אָרעמאַן. אין אַפריקע איז פאַרקערט. דער וואָס איז געווען אין דער אַלטער היים א גביר, איז דאָ אַן אָרעמאַן, און דער היימישער אָרעמאַן, איז דאָ אַן אָלרייטניק, א גביר...

אַז מען איז געווען אין דער אַלטער היים א שוסטער, איז מען אין אפריקע א פאַבריקאַנט, אַן אונטערנעמער. פון דער אַלטער היים — א דאָקטער, א ציינטעכניקער, א דענטיסט, ווערט דאָ א שוסטער. אויב ער קאָן אליין ניט דעם פאַך, נעמט ער צו מענטשן, שוסטערס. ס׳איז ניט קיין דוחק אין אַפריקע אויף שוסטערס...

און א ייד א שרייבער פון דער היים, ווערט אין אַפריקע א קרעמער; א בעל־מלאכה — א שמש אין א שוהל; א ייד, וואָס איז אין דער אַלטער היים איז געווען אַ תלמיד־חכם, איז אין אַפריקע א שוטה, מען האַלט אים פאַר אַן עובר בטל, און א פּראָסטער נפש פון דער אַלטער היים, וואָס איז אין אפריקע רײַך געוואָרן, איז א גאַנצער חכם עתיק...

אז מען שמועסט, אז אַלץ איז דאָ פאַרקערט, איז דאָך ניט שייך.

# פון דער פאָלק־ציילונג

אין יאָר 1951 האָבן מיר, אין מדינת אפריקע, געהאַט די אמתע ספירה. דאָס ציילן ספירה איז זיך צוזאמענגעפאַלן מיט דער אַלגעמיינער פאָלק־ציילונג, „צענזוס" בלע"ז. מען האָט געציילט יידן און קריסטן, אַפריקאַנער און ענגלענדער, ווייסע און שוואַרצע, אינדוסן און בושמענער — אַלע וואָס באַוווינען דאָס לאַנד אפריקע, אפילו בהמות האָט מען געציילט...

די ציילונג פונעם פאָלק און נאַציאָנען האָט ביי א טייל ארויסגערופן אַן אומעטיקע שטימונג, אָבער צווישן דעם אומעט, האָבן דאָ און דאָרט אָפּגעשפיגלט זיך קוריאָזע בילדלעך, וואָס האָבן ארויסגערופן א שמייכל, פאַרטריבן דעם אומעט און ארויסגערופן געלעכטער.

מיר וועלן פאַרצייכענען דאָ בלויז איין קוריאָז־בילדל.

בעת דער פאָלק־ציילונג איז א באַאַמטער אריינגעקומען אין א יידישהויז, אין דאָרנפאָנטיין, האָט ער דאָרט אָנגעטראָפן די אייגנטימערין. דער באַאַמטער האָט דערקלערט וועגן וואָס ער איז געקומען און דערלאַנגט די פּאַפּירן דער בעל־הביתטע אויסצופילן זיי. האָט די יידישע פרוי געקוקט אין די פּאַפּירן און דערקלערט דעם באַאַמטן, אַז זי קאָן ניט שרייבן קיין ענגליש. האָט דער באַאמטער אָפּגערופן זיך, אַז ער וועט פאַר איר אויספילן די פראַגעבויגנס — און פרעגט דער פרוי:

— איר וווינט דאָ?

— ווער דען, איר וווינט דאָ, — ענטפערט יענע, — געוויס ווין איך דאָ!

— וויפל „רומס" (צימערן) האָט איר? — פרעגט דער באַאַמטער.

— רומס? וויפיל רומס איך האָב, איך האָב? איר מיינט דער „לענדלאָרד" האָט?!

— זאָל זיין דער „לענדלאָרד" האָט, וויפיל האָט ער?

— דריי „בעד־רומס", א „דיינינג־רום", מיין רייזעלע שלאָפט אין „דיינינג־רום", א „קיטשן", „פענטרע" און „באַיעס־רום"!

— וויפל מענטשן לעבן דאָ ביי אייך? — פרעגט דער באַאַמטער.

— מענטשן רופט איר זיי? וואָזשנע מענטשן! דער מאַן מיינער איז א קאָרטן־שפּילער, א רייסעס־מאַן, א ליידיקגייער, א גאָרניט!

— כ'בין ניט פאראינטערעסירט וועגן דעם! — זאָגט דער באאמטער.
— וועגן וואָס זייט איר יאָ פאראינטערעסירט? — פרעגט די יידענע.
— כ'וויל איר זאָלט מיר ענטפערן קאָנקרעט אויף די פראַגן!
— קאָנקרעט־שמאָנקרעט, זאָגט וואָס איר ווילט, וועל איך אייך ענטפערן!
— וויפל קינדער האָט איר?
— צוויי, רייזל און היימי!
— וואָס טוען זיי?
— זיי עסן מיר אויף די גאַל!
— ביטע ענטפערן צו דער זאַך! — זאָגט דער באאמטער אויפגערעגט,
— זייער באשעפטיקונג, וואָס איז?
— איר מיינט מיט וואָס זיי, די קינדער מיינע, פארנעמען זיך? די טאָכ־טער אַרבעט אין א „סוויץ־פעקטאָרי", זי איז א גרויסע נאָשערקע, האָט זי זיך



אויסגעזוכט דעם „דזשאָב", און דער זון מיינער איז אָנגעשטעלט אין א „בייס־קאָפּ". ער שטייט גאַנצע טעג דאָרט, כדי אריינצוקריגן זיך אָן געלט!...

— וויפיל מענטשן לעבן דאָ? — פרעגט אומגעדולדיק דער באַאמטער.

— „מיי דיער סער!" דאָ לעבט מען ניט, — ענטפערט די יידענע, — מען מוטשעט זיך דאָ! מען קראַפּירט!

— זאָל זיין מען מוטשעט זיך דאָ, מען קראַפּירט! אָבער וויפיל?

— ווי אמאָל. אמאָל מער, אמאָל ווייניקער!

— וויפל מענטשן שלאָפן דאָ ביי איך? — איז שוין דער באַאמטער שטאַרק אומגעדולדיק.

— שלאָפן? — זאָגט איבער די יידישע פרוי, — ווער קאָן דען שלאָפן דאָ, אז דאָס הויז איז פול מיט וואַנצן!

— אָבער וויפיל מענטשן ליגן זיך שלאָפן? — שוויצט דער באאמטער.

— וואָס קומט ארויס, וואָס מען לייגט זיך, — ענטפערט די פרוי, — מען קאָן דען איינליגן? אז יעדע וואַנץ איז אזוי גרויס, ווי...

— כ'פרעג איך ניט, ווי גרויס אייערע וואַנצן זיינען! — שרייט אויס אָן אויפגערעגטער דער אדון.

— נו, גוט, איין מינוט, ברענג איך איך א פּאָר, וועט איר זיי זען! דאָס זיינען ניט קיין וואַנצן, נאָר לייבן!

דער באאמטער האָט שוין דאָ פארלאָרן דאָס געדולד, ער האָט א שמיץ געטאָן די „צענזוס"־פּאַפּירן און איז אנטלאָפן...

# דער סעזאָן פון יידישקייט

פונקט ווי עס איז פאַראַן אַ סעזאָן אויף פּיקניקס, אַ סעזאָן פון האָלידייס, אַ סעזאָן אויף טאַנצן, אַ סעזאָן פון פאָרן אין די וואַרעמע בעדער, אַ סעזאָן לאָזן זיך וואַקסן בערד... אַזוי איז אויך ביי אונדז, אין מדינת אפריקע, פאַראַן אַ סעזאָן אויף... יידישקייט.

יידישקייט האָט אויך אַ סעזאָן!

אַ גאַנצן קיילעכדיקן יאָר וואַרט מען ביי אונדז אויף אָט דעם סעזאָן.

עס וואַרטן חזנים, רבנים, גבאים, שמשים, דיינים, בעלי־קריאה, שופר־בלאָזער, כאָריסטן, טענאָריסטן, באַריטאָניסטן, דיריגענטן, כלי־קודש און נאָך און נאָך וואַרטן אויף דעם סעזאָן פון יידישקייט.

דער סעזאָן פון יידישקייט האַלט ביי אונדז אָן דריי טעג: 2 טעג ראש־השנה און איין טאָג יום־כּפּור. אָבער מען גרייט זיך צו אים אַ צייט פריער, כמעט אַ גאַנצן יאָר...

נאָך מיט חדשים פריער הייבט מען אָן גרייטן זיך צום יידישקייט־סעזאָן: די שוהלן ווערן געמאָלן און געשייערט פאַר דעם צוועק, און חזנים, בעלי־תפילות ווערן אָראַנזשירט, ווייל אָט די לעצטע, זיינען טאַקע די־יעניקע, וואָס האָבן די קראַפט ברענגען דעם סעזאָן פון יידישקייט ביי אונדז. אָן די חזנים גלייבט זיך גאָרניט, אַז עס קאָן קומען דער סעזאָן פון יידישקייט.

און די חזנים ווערן „ביזי" מיט וואָכן פריער. זיי פּרובירן אויס זייערע שטימעס, חזרן די עברי. בעלי־תקיעה ווייקן די שופרות און די דיריגענטן שטודירן איין מיט זייערע כאָריסטן. די רבנים גרייטן צו זייערע דרשות, לערנען זיך צו אביסל די ענגלישע שפּראַך, וואָס זיי דאַרפן נייטיק האָבן פאַר די דרשות, וואָס זיי „דעליווערן" די יידישע מתפללים...

די הכנות צום יידישקייט־סעזאָן זיינען אין פולן גאַנג.

אין די אויבן דערמאָנטע דריי טעג גייט מען ביי אונדז געשמאַק אין די שוהלן, יונג און אַלט, קינד און קייט. ווער עס האָט זיך אַרויפגעאַרבעט אויף אַן אייגענעם אויטאָ — דער פאָרט. מען פאָרט טאַקע מער אין די שוהלן, ווי מען גייט...

אמת, א גאנצן יאָר גייען ניט אפריקאַנער יידן אין די שוהלן, עס איז נישטאָ קיין צייט. די אָפענע געשעפטן מיטן ביזנעס־עול לאָזן ניט און דער־לייבן ניט אויף דעם שוהל־לוקסוס. דערפאַר אָבער, ווען עס קומען די ימים־נוראים, דער סעזאָן פון יידישקייט, זעט מען אפריקאַנער יידן אין די שוהלן. זיי גייען פון שוהל צו שוהל: פון איין שוהל ארויס, און אין א צווייטער — אריין. מען וויל אין די דריי טעג פון ראש־השנה און יום־כפור אריינכאַפּן מיט אמאָל די גאַנצע יידישקייט, אלע שוהלן מיט אלע חזנים, מיט אלע קדושות און דרשות...

און אין די שוהלן, איז, אָן עין הרע, געפּאַקט ביז איבער די ברעגעס. פונקט ווי א גאנצן יאָר זיי פוסטעווען, אזוי איז דער היפוך אין די ימים־נוראים, בשעת דעם יידישקייט־סעזאָן. די סעזאָן־מתפללים באַוואונדערן און זאָגן ארויס מבינות אויף די חזנים, ווער עס האָט א גוטע שטימע, וואָס גלעט ווי א קינדיש הענטל, און ווער עס האָט א שטימע, נעבעך, וואָס זעגט ווי א זעג...

און אין די דריי טעג דאַרפן די שוהלן זיין פּעאיק ארויסצוציען פון זייע־רע סעזאָן־מתפללים די קלינגערס, ממתקים וואָס דאַרפן קלעקן אויף אויסצו־האַלטן א גאַנצן יאָר די שוהלן מיט די חזנים, די שמשים מיט די אנדערע כלי־קודש, וואָס זיינען וויכטיק פארן סעזאָן פון יידישקייט ביי אונדז.

די אויפריכטיקע יידן טענהן: הלוואי וואָלט דער סעזאָן פון יידישקייט אָנגעהאַלטן א ביסל לענגער פון די דריי טעג, ראש־השנה און יום־כפור, וואָלט געהאָט א שענערער און בעסערער אויסזען דאָס יידישע לעבן ביי אונדז, ניט נאָר אין די שוהלן, נאָר אויך אין יידישע היימען פון אפריקאַנער יידן.

סעזאָן־יידישקייט איז ניט קיין איבעריק גוטע מעלה, און איז ניט גע־זונט פאַר א יידישן ישוב. דאָס דערמאָנט אין א יידישער פאָלק־מעשה׳לע:

א בעל־הבתישער ייד, א חסיד אין דער אלטער היים, האָט געהאָט אן איידעם, וואָס איז געווען א שטיקל אפיקורס, האָט ניט געוואָלט דאַוונען. יעדער אינדערפרי האָט דער שווער אים געהיט, אז ער זאָל דאַוונען. אָבער דער איידעם האָט זיך ארויסגעדרייט מיט א תירוץ, אז ער איז צופיל באַשעפ־טיקט, ער וועט דאַוונען נאָר שבתים... שפּעטער האָט דער שווער באַמערקט, אז זיין איידעם לאָזט אויך אדורך שבתים, האָט ער אים שטאַרק אויסגעמוסרט דערפאַר. האָט דער איידעם פאַרענטפערט זיך, אז ניט אין יעדן שבת איז ער גרייט דאַוונען, ער וועט נאָר דאַוונען אין יענע שבתים, ווען מען בענטשט ראש־חודש... שפּעטער האָט דער איידעם דאָס אויך ניט געהאַלטן, האָט ער צוגעזאָגט דעם שווער, אז ער וועט נאָר גיין אין שוהל דאַוונען אין יום־טובים. ער האָט אָבער זיך אויך געפוילט צו גיין אין שוהל אין די יום־טובים, האָט ער

צוגעזאָגט דעם שווער, אז נאָר אין די ימים־נוראים, ראש־השנה און יום־כפור, וועט ער גיין אין שוהל אריין דאַוונען... אָבער נאָך שפּעטער, האָט ער זיך דאָס אויך געפוילט, און ער האָט אָפּגעמאַכט מיטן פרומען שווער, אז ער וועט גיין אין שוהל... יום־כפור. אין אָט דעם הייליקן טאָג וועט ער גיין דאַוונען...

אָבער איין מאָל, בעת דער שווער האָט באמערקט, אז אויך אין יום־כפור גייט ניט זיין איידעם דאַוונען, האָט דאָס אים שטאַרק אויפגערעגט, האָט ער גוט אָנגעשריען און געבייזערט זיך אויפן איידעם. האָט דער איידעם קאַלט אָפּגערופן זיך:

— וואָס שרייט איר, שווער לעבן, וואָס טומלט איר, וואָס בייזערט איר זיך? וואָס איז דער אומגליק, אז מען גייט ניט איינמאָל אין יאָר דאַוונען אין שוהל?...

דער אָ מוסר־השכל איז אָנגעמאָסטן פאַר אונדזער יידישקייט־סעזאָן אין אונדזער גאָלדענער מדינה — אפריקע...

# וועגן חזנים

עס געדענקט זיך, ווי אין דער אַלטער היים, אז מען האָט אנגענומען א חזן אין א שוהל, האָט מען געקוקט אויפן חזנס יחוס, אויף זיין אָפּשטאַם און בקיאות אין פירוש המילות און אזוי ווייטער, אָבער ביי אונדז, איז דאָס אַלץ קליינינקייטן. ביי אונדז, אז מען נעמט צו א חזן, דארף ער האָבן אנדערע מעלות.

דער גבאי, דער פּרעזידענט בלע״ז, איז דער וואָס זאָגט א גרויסע דעה און מאַכט דעם דעצידירנדן אויסוואַל ביים אָננעמען א חזן. עס זיינען אפילו אויך דערביי פאראַן איניקע קאָמיטעט־מיטגלידער, וואָס זאָגן זיך אויך ארויס זייערע מיינונגען און מבינות אויפן חזן, און דער חזן ,נעבעך, געפינט זיך אין א ביטערער לאַגע און שפּלדיק.

אָפּט וויל מען, אז דער חזן זאָל אויסקוקן, ווי א פילם־סטאַר. אז א חזן האָט דאָס גליק צו האָבן א פיגור פון א לולב, איז עס גורם, אז ער זאָל נושא חן זיין אין די אויגן פון דער פּרעזידענטין, דעם גבאיס ווייב, וואָס זי זאָרגט שוין, אז איר מאַן זאָל געבן די שטעלע צום דערמאָנטן חזן.

אויב דער חזן איז קליינגעוויקסיק מיט אַ נעבעכדיקן אויסזען, האָט אזא שוין ווייניק שאַנסן צו באקומען די שטעלע אַלס חזן. מען ווערט דאָך ניט נעמען עפּעס א קליין טל ומטרל און אוועקשטעלן פאַרן עמוד דאַוונען פאַר אַפריקאַנער יידן, עס פּאַסט ניט. דער חזן איז דאָך דער, וואָס ברענגט דעם עולם אין שוהל אריין.

מיר האָבן, חלילה, זיך ניט צו קלאָגן אויפן דוחק פון חזנים און שוהלן. הלוואי וואָלטן געווען אזוי פיל מתפללים, וויפל עס זיינען פאראַן שוהלן און חזנים...

פאַראַן ביי אונדז שוהלן וואָס האָבן צו עטלעכע חזנים. נישקשה, אפרי־קאַנער יידן קאָנען זיך פאַרגינען: האָט מען א חזן ראשון, א חזן שני — און א חזן אין „סטאָק״. טאָמער מאַכט זיך, חלילה, א מכשול, זאָל מען ניט בלייבן אָן א חזן...

די פונקציעס פון א חזן ביי אונדז זיינען גאָרניט אזעלכע גרינגע, ווי מאַנכע דענקען. אמת טאַקע, אז דאַוונען דאַוונען זיי זייער ווינציק, אָבער

דערפאַר מערקט זיך, אז א חזן מוז, א חוץ חזן, אויך זיין א בעל־קורא, א בעל־תוקע, שוחט, מוהל, מלמד, קדיש־זאָגער — און אויך א קאָלעקטאָר...

פאראַן ביי אונדז חזנים וואָס פירן אָן מיט חתונות, מיט לוויות, מיט ברית׳ן, מיט קאָנצערטן און אנדערע טרויעריקע זאַכן. פאראַן חזנים, וואָס זייי־נען שמשים און די גאַנצע „ווירטשאַפט" פון קהל ליגט אין חזנס הענט, און דער גורל פון חזן ליגט אין די הענט פון גבאי...

פון דעסטוועגן איז גאָרניט אזוי שלעכט צו זיין א חזן ביי אונדז. אמת טאַקע, אז מיר האָבן דאָ גרויסע מבינים אויף חזנים און חזנות, נאָר עס מאַכט ניט אויס, א חזן ביי אונדז שרעקט זיך וויניק פאַר דעם — און צווייטנס, צוואָס זאָל ער זיך שרעקן, סייווי קומט מען דאָך, זעלטן, הערן אים...

# אַ שפּאָגל־נייע פּרנסה

ווען חיים גרינהאָרן איז מיט יאָרן צוריק אָנגעקומען אין דרום־אַפריקע און האָט זיך באַזעצט אין דער גאָלדענער יאָהאַנעסבורג, ווו ער האָט געהאָפט צווישן זיינע לאַנדסלייט און פריינד, וועט ער קאָנען זיך איינאָרדענען און מאַכן אַ שטיקל לעבן, האָט ער אָבער באַקומען אַ קאַלטע אויפנאַם און אויסגעפונען זיין טעות.

חיים גרינהאָרן איז פון דער היים געווען אַ הענדלער. ער האָט אין די מאַרק־טעג צונויפגעקויפט פון פּויערים פאַרשיידענע פּראָדוקטן און שאַר־ירקותן, וואָס זיי האָבן געבראַכט אין שטעטל. אין דרום־אַפריקע האָט, אָבער, חיים מיט אַט דעם מסחר ניט געקאָנט אָנגיין.

אין אָנהייב האָט חיים געפּרוווט האַנדלען, ס׳איז אָבער ניט געגאַנגען. די שפּראַך האָט געשטערט און ער האָט אויך ניט געקאָנט זיך אַריינפּאַסן אין דער פּרעמדער אַפריקאַנער סביבה. ער האָט געפּרוווט אַרבעטן אין אַ שאַפּ, איז אויך געווען שלעכט צוליב דעם, וואָס ער האָט ניט געקאָנט אַ וואָרט ענגליש.

אַ צייט לאַנג האָט ער זיך געוואָרפן פון איין באַשעפטיקונג צו אַ צווייטער. געווען אַ צייט אַן אָנגעשטעלטער אלס משגיח אין אַ יידישן האָטעל, האָט מען אים אָבער פון דאָרט משלח געווען. ער האָט צופיל אכטונג געטאָן, אַז די קיך און דאָס עסן זאָלן זיין כשר...

חיים איז אויך געווען עטלעכע טעג אַן אַרבעטער אין אַ בעקעריי, האָט מען אים אָפּגעזאָגט, ווייל ער האָט ניט פאַרמעגט די מינדסטע געניטשאַפט פון דעם פאַך. ער האָט געטראַכט אַז מען דאַרף ניט זיין קיין צו־גרויסער אויס־טייגער צו זיין אַ בעקער...

אַ געוויסע צייט איז חיים גרינהאָרן געווען אַן אַרבעטער אויפן בית־עולם. דאָ האָט ער ניט באַדאַרפט האָבן קיין ספּעציעלע קענטעניש און קוואַליפיקאַציעס. אויף צו גראָבן אַ קבר, האָט ער געטראַכט, וועט ער טויגן. די טויטע וועלן דאָך ניט באַקלאָגן זיך, אַז די אַרבעט זיינע טויג ניט. אָבער אויך ביי דער אָ מלאכה האָט ער ניט געהאַט קיין מזל און זיך לאַנג ניט געהאַלטן אויף דער שטעלע.

איז אים באמת שלעכט געווען. ער האָט ניט געוווּסט צו־וואָס זיך צו נעמען. ער איז אומגעגאַנגען אָן א שטאָך אַרבעט, בעת אין דער אַלטער היים האָט ער איבערגעלאָזט א ווייב מיט קינדער אין גרויסער דחקות און נויט.

איינמאָל האָט ער אראָפּגערעדט זיך דאָס האַרץ פאר זיינע לאַנדסלייט, באדויערט וואָס ער איז געקומען אין דער גאָלדענער מדינה אפריקע, וועלכע איז פאר אים ניט קיין גאָלדענע, נאָר א שטיינערנע. האָבן אים די לאַנדסלייט געטרייסט, אז ער וועט זיך אויסגרינען, וועט ער נחת האָבן פון אפריקע.

דערווייל זיינען אונטערגעקומען די יום־טובים — ראש־השנה, יום כפור, סוכות — און חיים האָט ניט פאַרדינט קיין פעני, ניט געהאַט וואָס צו שיקן זיין ווייב און קינדער. ס'איז אים געווען גאָר ביטער, האָט אים א לאנדס־



מאַן געעצהט ער זאָל ארומגיין איבער יידישע הייזער מיט א לולב און אתרוג. נישקשה, עס זיינען נאָך פאַראַן גוטע און פרומע יידישע היימען אין אפריקע, און ער וועט דערווייל מאַכן פרנסה פונעם אתרוג־בענטשן.

אזויוי קיין אנדער ברירה האָט ער ניט געהאַט, האָט ער איינגעהאנדלט א פיינעם לולב און אתרוג און געלאָזט זיך איבער יידישע הייזער און אָנגע־קלאַפּט אין יידישע טירן. יידישע ווייבער האָבן אים גאַר העפלעך אויפגענומען, אריינגעבעטן אין זייערע „דיינינג־רומס" און ער האָט מיט זיי געבענטשט אתרוג. ביים אוועקגיין האָבן זיי אים גאַנץ פיין באַצאָלט.

איז חיים געווען צופרידן פון דער אָ מלאכה און איז געקומען צו דער איבערצייגונג, אז אַפריקע איז נאָך, גאָט־צו־דאַנקן, א לאַנד פון יידישקייט. ס'איז ניט קיין אפיקורסיש־ און קיין פריי־ און הפקר־לאַנד.

הגם ער האָט אָנגעקליבן עטלעכע פונט, האָט ער אָבער געוווסט, אז ס'איז א פרנסה פון געציילטע טעג: אָט־אָט וועט דער סוכות אוועק און ער וועט בלייבן ווידער אָן חיונה. ווידער וועט ער זיך ארומדרייען און אויסקוקן די אויגן פאַר אַ פּעני.

האָט א לאַנדסמאַן אים געעצהט, אז אזוי לאַנג ווי ס'איז גוט די ביזנעס מיטן אתרוג־בענטשן, זאָל ער גאַרניט זאָרגן, זאָל ער אָנגיין, פאַרזעצן די מלאכה אויך נאָך סוכות. יידן זיינען ניט קיין גזלנים, מען וועט נעמען אין אַכט, אז ער איז א גרינער.

האָט חיים געהערט די עצה פון זיין לאַנדסמאַן און ווייטער אָנגעהאַלטן מיט זיין ביזנעס. וואָכנלאַנג איז ער געגאַנגען איבער יידישע הייזער מיטן אתרוג־בענטשן. יידישע ווייבער האָבן חיים'ען פריינדלעך אויפגענומען, באַ־צאָלט אים פאר זיין טרחה מיט גאַנץ פיינע מטבעות...

זיינען מענטשן אָבער ניט קיין פאַרגינערס, וואָס א ייד מאַכט א לעבן, האָט מען צוגעטראָגן א מסירהלע צו קהל, אז חיים גרינהאָרן גייט ארום חנוכה־צייט איבער יידישע הייזער מיט א לולב און אתרוג, און גיט יידישע ווייבער בענטשן אתרוג און נאַרט פון זיי ארויס געלט...

האָט מען,איינמאָל, אין א שיינעם זוניקן מיטוואָך, אויסגעמוסרט אים, צוגענומען פון אים דעם לולב מיטן אתרוג, און געמאַכט אים פאר אויס לולב און אתרוג־טרעגער. ער האָט פארלאָרן זיין שפּאָגל־נייע פרנסה.

# א „פיינע" צוואה איז דאָס געווען...

אַ שיינער ייד איז ער געווען מיט א פיין בעל־הבתיש בייכל, און ווען ער האָט גערעדט, האָט ער אונטערגעהוסט זיך מיט א דינעם כי־כי־כי, וואָס האָט ארויסגערופן די אויפמערקזאַמקייט צו אים מיט א ביסעלע דרך־ארץ.

געווען איז ער א גבאי, א פרעזידענט בלע״ז, ווי מען רופט עס ביי אונדז. ער איז אויך געווען א טשערמאַן פון א האלבן טוץ פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס. ער האָט געהאַט א שוואַכקייט צו כבוד, ער האָט עס שטאַרק ליב געהאַט און געזוכט עס, ווי מיט ליכט.

ווי עס פּאַסט זיך פאר אזא ייד ווי ר' זלמן שוויצער, אָדער מיסטער שוויצער, איז ער געווען גוט־רייך. מען האָט געשמועסט, אז ער פאַרמעגט קורח'ס אוצרות, הייזער מיט שלעסער. אין אלע געזעלשאַפטן ווו ער איז געווען טשערמאַן, האָט מען געהאַפט, אז איבער הונדערט און צוואנציק יאָר, ווען ער וועט מוזן גיין א גאַנג, אַהין — פונוואַנען קיינער איז נאָך דערווייל ניט צוריקגעקומען, וועט ער, מיסטער שוויצער, איבערלאָזן פאר יעדע פון די אינסטיטוציעס, ווו ער איז געווען טשערמאַן יאָרנלאַנג, ער וועט פאר זיי איבער־לאָזן הייזער מיט מויערן — און טאַקע, פארוואָס ניט, אויך א ביסל מזומנים, ער האָט דאָך דאָס לרוב.

אויך אין שוהל, ווו זלמן שוויצער איז געווען גבאי און אין די ימים־נוראים און יום־טובים, זיך דאָרטן אויבנאָן געזעסן מיטן שטייפן צילינדער־הוט, וואָס האָט אים פאַרגעשטעלט א הונדערט פראָצענטיקן היימישן קוטשער, אויך דאָרט האָט מען געהאַפט אויפן טאָג און אויסגעקוקט די מינוט, ווען ער וועט גיין אין זיין אייביקן וועג. אין די צוואות, האָט זלמן שוויצער געלאָזט וויסן, וואָס קהל וועט פון אים האָבן. כך וכך וועט ער לאָזן פאר דער שוהל, כך וכך — פארן רב, פארן חזן, פארן שמש. דאָס זעלבע איז אויך געווען מיט די פילאַנטראָפּישע געזעלשאַפטן. אויך דאָרט האָט מען געהאַפט און אומ־געדולדיק געוואַרט און אויסגעקוקט אויף זייער חשובן טשערמאַנס טויט.

עס איז גאָרניט קיין וווּנדער, וואָס אלע האָבן אזוי אויסגעקוקט דערויף, ווייל ביים לעבן האָט אונדזער העלד, דער טשערמאַן־גבאי, ניט געלאָזט זיך קאָסטן קיין פּעני. ער האָט אלץ צוגעזאָגט און פארשפּראָכן אויף שפּעטער,

אויף איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, ווען דער אויבערשטער וועט אים א רוף טאָן. דאַן וועלן זיי אלע, די שוהל מיט די פילאַנטראָפּישע אינסטיטו־ציעס נתעשר און גליקלעך ווערן.

האָט מען געוואַרט און געהאָפּט אויף יענעם גליקלעכן טאָג...

איינמאָל האָט מען פּלוצלינג געמומען זיך שושקען, אז דער גבאי, דער טשערמאַן פילט זיך ניט מיט אלעמען: ער איז ניט דאָס, ווי געווען, עפּעס שטאַרק פארענדערט איז ער געוואָרן, קוקט אויס שלעכט, בלאַס, איז שטאַרק אָפּגעשוואַכט — און מען קאָן זיך ריכטן...

האָבן די ארומיקע, די קהלשע מענטשן מיט די כלי־קודש מענטשן, גע־נומען אויף אים, אויף זלמן שוויצערן, אויפּפּאַסן... מען האָט אים אויפ־מערקזאַם געמאַכט און דערמאָנט אין דער שוהל, אין די פילאַנטראָפּישע גע־זעלשאפטן — און ער האָט אלעמען געזאָגט מיט א מילד־שטימעלע:

„שרייבט צו נאָך א הייזקע פאר דער שוהל, נאָך א הייזקע פאר דער פילאַנטראָפּישער געזעלשאַפט, נאָך א הונדערטער, נאָך א טויזנטער! שרייבט צו דאָרטן אין מיין צוואה, שרייבט, איך גיב, איך גיב!"

און ווען עס איז געקומען יענער גליקלעכער אָדער אומגליקלעכער טאָג, ווען דער גבאי און טשערמאַן האָט אויסגעהויכט זיין הייליקע גוטע נשמה, האָט מען מיט אומגעדולד אָפּגעוואַרט איבער די שלושים, ווי עס איז געווען דער ווונטש און פאַרלאַנג פון בר־מינן, אז מען זאָל פריער ניט עפענען די צוואה זיינע. אינעם ריכטיקן טאָג זיינען זיך צוזאמענגעקומען די מתעסקים פון שוהל און פון די פילאַנטראָפּישע געזעלשאפטן. מיט ציטערנדיקע הענט און מיט קלאַפּנדיקע הערצער האָט מען אויפגעמאַכט די צוואה. מען האָט געלייענט: אזוי פיל און אזוי פיל הייזער האָט געלאָזן זלמן שוויצער פאר דער שוהל, ווו ער איז געווען גבאי; אזוי פיל און אזוי פיל — פארן רב, חזן, שמש, און אזויפיל און אזויפיל פאר די געזעלשאַפטן, ווו ער איז געווען יאָרנלאַנג טשער־מאַן, און אזויפיל און אזויפיל געלט במזומנים...

מען האָט זיך שטאַרק דערפרייט פון דער פיינער צוואה. חברה האָבן שוין געמאַכט פּלענער, ווי צו פארשטאַרקן די הילף־ארבעט ביי די פילאַנטראָ־פּישע געזעלשאפטן, ווי לינדערן די בקשות פון די נייטבאדערפטיקע. דער שוהל־קאָמיטעט האָט זיך שוין גענומען אַמפּערן, צי מען זאָל איבערבויען פארן געלט די שוהל, אָדער גאָר בויען א נייע שוהל, אין א נייער און פיינער געגנט, מען האָט זיך געאַמפּערט און געהיצט ביז, ביז — — —

מיטאַמאָל איז מען שטאַרק אנטוישט און געפּלעפט געוואָרן, מען האָט זיך ארומגעזען און געכאַפּט, אז די פיינע צוואה, איז ניט אין אָרדענונג... זי האָט מיטאַמאָל פארלאָרן איר גאַנצע ווערט. אלע שיינע פאַנטאַזיעס און גוטע

פלענער פון די קאָמיטעט־לייט, זיינען מיטאַמאָל צערונען און צעשוואומען געוואָרן...

די גרויסע צוואה פונעם גרויסן נדבן, וואָס האָט ניט געזשאַלעוועט קיין הייזער מיט מזומנים, האָט, נעבעך, ניט געהאַט די אונטערשריפט פונעם גרויסן נדבן... דער גבאי און טשערמאַן, איז געווען פיין, גוט און מילד — נאָר קאַרג געווען געבן זיין חתימה. הייזער מיט שלעסער איז ער גרייט געווען געבן, נאָר אָן זיין חתימה...

א „פיינע" צוואה איז דאָס געווען...

# ניט אַלץ איז כולו אמת...

ניט אלץ וואָס מען הערט און מען זעט, איז נייטיק צו גלייבן, אז עס איז קדשי־קדשים, אז עס איז אמת.

פאַראַן פיל, גאָר פיל צו זען און הערן אין אונדזער טאָג־טעגלעך לעבן שיין און מיאוס, גוטס און שלעכטס, סיי אין פּריוואַטן און סיי אין געזעלשאפט־לעך־פּאָליטישן לעבן. ווען מען קוקט זיך צו, לאָזט זיך גאָר לייכט מערקן דער היפוך:

א שרייבער וואָס שילדערט שיינע בילדער, רייכע פאַנאָראַמעס, פאַנטאַ־זיעס, כישוף־מעשיות, מעשיות פון טויזנט אין איין נאַכט, דאַרף מען ניט אלע־מאָל זיי נעמען ערנסט און פאַר אמתע מטבעות;

א רעדאַקטער וואָס גיט ארויס א צייטונג און האָקט אָפּט א טשייניק, אז ער פארשפרייט די צייטונג לשם אינפאָרמאַציע, לשם אריינצוברענגען דאָס געדרוקטע וואָרט אינעם לייענערס הויז און ער זוכט ניט קיין כבודים און פּראָפיטן, ער טוט עס לטובת דער געזעלשאפט און בידנעם לייענער, און אין דער ווירקלעכקייט, ווייזט זיך ארויס, אז יענער רעדאַקטער מאַכט נישקשה'־דיקע ביזנעס מיט זיין צייטונג, האָט זיך איינגעהאַנדלט א פיינע ווילע אין א רייכער געגנט, פאָרט אין אַ פיינעם אויטאָ...;

און א קולטור־טוער וואָס שמייעט ארום, „קולטורעוועט" און וויל איינ־ריידן, אז די קולטור איז זיין לעבן, זיין קיום, אָבער ווען עס קומט צו א זאמ־לונג און מען בעט ביים קולטור־מענטש באשטייערן זיך, ווייזט זיך ארויס, אז ער אליין איז דער גרעסטער קמצן, א קולטורלאָזער נפש;

פאַראַן כלל־טוער וואָס לייגן איין וועלטן מיט זייער כלל־ארבעט, ווילן אייך ווייזן, אז זייער גאַנצע ענערגיע און פרייע צייט גיבן זיי אָפּ לטובת הכלל, אז זייער אייגנס פארקוקן זיי, פארנאכלעסיקן זייערע ביזנעס מיט זייערע פאַמיליעס, זיינען זיך מקריב פאַר יענעם, פאַר דער געזעלשאַפט, אָבער דער אמת איז אנדערש, מען ווייסט שוין, ווי ער ארבעט פארן כלל, די באָבעס ירושה לייגט ער ניט צו...;

און אז איינער איז אייך מיטאַמאָל, פון דער העלער הויט, א גוטער פריינד געוואָרן, האָניג־זיס, שפּרינגט נעבן אייך אַרום, גיט אייך עצות, זאָגט

אייך קאָמפּלימענטן, לויבט אייך, אייער פרוי און קינדערלעך, זיי זשע פּאַר־זיכטיק, גלייבט ניט אין יענעמס פריינדשאַפט, ווייל ער איז געוויס עפּעס אויסן מיט זיין פריינדשאַפט;

אַ פּאָליטישער פירער ווען ער שטעלט זיך אַוועק אויף דער פּלאַטפאָרם און נעמט אין אייך אריינריידן, ווייל אייך איבערצייגן, אז נאָר זיין אויסדער־ווײלטע פּאָליטישע אַנשויאונגען זיינען די ריכטיקע, איז נעמט ניט צו־ערנסט זיינע דעמאַגאָגישע לאָזונגען און אויספירונגען...;

א רודף־שלומניק וואָס מאַכט דעם אָנשטעל פון א ליבן און טייערן נפש, א צער בעלי־חיים׳ניק, וואָס פריידיקט נאָר פון גאָט און יושר, פון ליבע און גערעכטיקייט צו מענטשן און איז א פארביסענער קעגנער פון מלחמות און פון מענטשן־שחיטות און לייגט אייך, דאַכט זיך, ווערלטן מיט זיינע זיסע ריידעלעך וועגן פרידן, שלום ושלווה — איז אין דער אמתן יענער דער גרעסטער שונא פונעם שלום, דער גרעסטער אָנהענגער פון מלחמות — ער פּראָדוצירט מלחמה־וואָפן, כלי־זין אויף חרוב מאַכן די וועלט;

א מאַן און א פרוי, ווען זיי שווערן אייביקע ליבע איינער צום צווייטן און זיינען גרייט ברענגען די גרעסטע קרבנות, אָבער אז מען קוקט זיך צו נאָענטער, איז זייער ליבע גאָר ניט אַזאַ אידעאַלע...;

ווען איר לייענט אַמאָל א גוטע רעצענזיע וועגן א בוך און איר זעט ממש ווי דער רעצענזענט לויבט דעם מחבר אין זיבעטן הימל אריין, אָדער ווען איר לייענט א רעצענזיע אָנגעשריבן אין א היפּוכדיקן נוסח, מאַכנדיק א תל פון מחבר און זיין בוך, דאַרף דער לייענערביידע רעצענזענטן ניט נעמען צופיל ערנסט: איין רעצענזענט קאָן אַמאָל זיין א גוטער פריינד פונעם שריי־בער און דער צווייטער — יענעמס א שונא...;

מען קאָן אָט די טעמע אילוסטרירן מיט א סך ביישפּילן, אז ניט אַלץ איז תורת לאָקשן, כולו אמת, וואָס מען טראָגט אונטער דעם עולם...

# „געטריישאַפט" פון אַ פריינד...

קומט אמאָל צוגיין גימפל ציבעלע צו זיין לאַנדסמאַן און פריינד פייזויש טרינקזאַלץ און דערציילט אים, אז ער האָט צו קויפן גאָר א וואָזשנעם ביזנעס, א „גאָלד־מאַין", א שמאַלץ־גרוב איז עס. דער מאן פון דער ביזנעס איז קראַנק און איז ניט פעאיק מער אַרבעטן. חוץ דעם דאַרף יענער שוין מער ניט ארבעטן, ער האָט זיך פון דער ביזנעס אָנגעשאָטן פולע זעק מיט געלט. ס'איז דער ביזנעס א „פיש און טשיפּ־שאָפּ". ס'איז ניט קיין ביזנעס, נאָר א קוואַל פאר פרנסה און פאר געלט־מאַכן.

האָט גימפל ציבעלעס פריינד, דער לאַנדסמאַן פייוויש טרינקזאַלץ, אויס־געהערט און זיך געפרעגט, ווו דער קוואַל פון פרנסה איז, די ביזנעס פון די „פיש און טשיפּס" און ווען ער איז געוואָר־געוואָרן און שוין געוווסט אלץ געגוי, וואָס, ווו און ווען, האָט ער זיך אָפּגערופן צו גימפלען:

— ווען דו וואָלסט מיך הערן, וואָלסטו די ביזנעס ניט גענומען. עפּעס געפעלט מיר ניט די ביזנעס! עס איז ניט פאר דיר, ניט פאר דיין געזונט, ניט פאר דיינע כוחות. עס איז ניט פאר דיר!

— פארוואָס עפּעס איז דאָס ניט פאר מיר. פיל גוטע ביזנעס מיט גוטע פרנסות וואַלגערן זיך אין די גאַסן? — האָט גימפל ציבעלע געצויגן מיט די אַקסלען, — יענער איז דאָך פון די „פיש און טשיפּס" נתעשר געוואָרן, ער איז דאָך היינט ווערט אפשר הונדערט טויזנט פונט!

— טרייבסט איבער, גימפל, עס איז נאָך ניט אזוי, ווי דו זאָגסט און ווי דו טראַכסט. יענער איז נאָך ניט אזא עושר, ווי דו שטעלסט אים פאָר. שטותים, אויך מיר א ביזנעס „פיש און טשיפּס", געהערט?!

— אָבער פייוויש, עס איז פאָרט אזוי, יענע ביזנעס איז א שטיק „גאָלד־מאַין". דער ייד דאָרט האָט אוועקגעמאַכט א מטמון, א „פאָטשן"! ער „רי־טייערט" דאָך שוין, דערפאר פארקויפט ער די ביזנעס!

— עס הייבט זיך ניט אָן, יענער האָט ניט געמאַכט קיין „פאָטשן" און יענער „ריטייערט" ניט. ער איז, נעבעך, ניט פאר דיר גערעדט, באַנקראָט. פון דער גוטער ביזנעס זיינער, איז ער קראַנק געוואָרן, און לאָז זיך ניט איינ־ריידן און פאַרפירן. ווערסט פארלירן ביז א פעני, אויב דו קויפסט יענע ביזנעס. איך בין דיין לאַנדסמאַן און פריינד, זאָלסטו הערן וואָס איך זאָג דיר!

— אפשר מאַכט איר א טעות, מיסטער טרינקזאַלץ? — האָט זיך אָפּגע־רופן גימפּל ציבעלע, — אפשר מיינט איר א צווייטן, אן אנדערע ביזנעס, ניט יענע?!

— איך מאַך שוין ניט קיין טעות — האָט זיך צעוואָרעמט פּיוויש טרינק־זאַלץ — איך ווייס וואָס איך זאָג. איך קאָן גוט יענע ביזנעס, שוין צו־גוט! עס איז ניט אזוי, ווי דו שטעלסט פאָר מיט אַזעלכע גאָלדענע גליקן. עס איז ווייט פון א שמאַלץ־גרוב און ווייט פון א קוואַל פון פרנסה!

— עצהט איר, הייסט עס, מיר ניט קויפן יענע ביזנעס?

— געוויס, עס איז ניט פאר דיר, וועסט פארלירן דיין געלט, דיין געזונט און לעבן!

האָט גימפּל ציבעלע געהערט זיין לאַנדסמאַן פּיווישן און באשלאָסן אויפצוגעבן זיין פּלאַן, קויפן יענע ביזנעס, די „פיש און טשיפּ־שאָפּ“, און גע־נומען טראַכטן און זוכן אנדערע ביזנעס. — — —

מיט א צייט שפּעטער גייט צופעליק גימפּל ציבעלע פאַרביי יענע שאָפּ, די „פיש און טשיפּ־ביזנעס“, וואָס ער האָט געהאַט גרויסן חשק קויפן. ער קוקט דאָרט אריין, דערזעט ער ווי עס שטייט אינעווייניק אויסגעפּוצט אין א ווייסן כאַלאַט, ניט קיין אנדערער, ווי זיין לאַנדסמאַן, פּיוויש טרינקזאַלץ...

איז שוין גימפּלען אויפן אָרט גלייך קלאָר געוואָרן פארוואָס זיין לאַנדס־מאַן און גוטער פריינד האָט אים אָפּגערעדט קויפן די ביזנעס, ווייל ער האָט דאָך אליין צו איר חשק געהאַט...

גימפּל איז געשפּרונגען פון אויפרעגונג און פול מיט צאָרן איז ער אריין אין שאָפּ און געשריען:

— סטייטש, פּיוויש, אזא פריינד איז מען, אזא לאַנדסמאַן? מיך האָט איר אָפּגערעדט פון די ביזנעס און אליין האָט איר געקויפט! שעמען זאָלט איר זיך אין אייער ווייטן האַלדז אריין! א פיינער לאַנדסמאַן, א פיינער מענטש!

— טומל ניט, גימפּל, שריי ניט! פארוואָס זאָלסטו ניט פארשטיין, איך האָב דאָך ניט געוואָלט, דו זאָלסט פארלירן דיין געלט. יעדע פּעני דיינע איז מיר טייער, — אָבער וועגן מיר דאַרפסטו זיך ניט זאָרגן!...

— איך זאָרג שוין גאָרניט וועגן אייך, ווערגט אייך מיט די ביזנעס!

— אָט, פאר גוטס גיט מען אָפּ מיט שטיינער, פאר א גוטע עצה, שילט ער מיך!

— יאָ, גוטע עצות האָט ער מיר געגעבן, טפו! — און גימפּל איז אוועק מיט א קללה אויף די ליפּן...

# עצות

ס׳האָט מיך א ייד אָנגעכאפּט אין גאַס און באוואָרפן מיט א וועלט עצות, וואָס האָבן נאָר געהאַט איין ציל: אָפּצוהיטן דאָס געזונט.

דער ייד איז ניט געווען פון בארוף קיין דאָקטער, קיין רופא, נאָר אַן עצה־געבער. און זיינע עצות זיינען נאָר אויסן געווען אָפּצוהיטן דאָס געזונט.

דער ייד האָט מיך געראָטן:

פון אַלץ זיין ווייט, זיין גלייכגילטיק, זיין א קאַלטער לונגן־לעבער, ס׳איז געזינטער;

זוכט ניט קיין באקענטשאַפטן מיט מענטשן, זוכט ניט קיין פריינד, קיין סימפּאַטיע, ס׳איז געזינטער;

בעט ניט קיין גמילות־חסדים, גיט ניט קיין הלוואות, ס׳לוינט ניט, ס׳איז געזינטער;

בעט ביי קיינעם ניט קיין טובות, טוט ניט קיינעם טובות — ס׳איז גע־זינטער;

נעמט זיך ניט אָן יענעמס עוולה, פאַרטיידיקט קיינעם ניט, זאָגט ניט קיינעם קיין שבחים, ס׳איז געזינטער;

ווייזט ניט ארויס קיין ליבע, קיין פריינדשאפט, געטריישאַפט, איבער־געבנקייט, עס לוינט ניט — ס׳איז געזינטער;

הרגעט זיך ניט אוועק פאַר ווייב און קינדער, פאַר משפחה, פאַר איי־גענע. עס לוינט ניט, ס׳איז געזינטער;

רייסט זיך ניט א ספּאָדיק פאַרן יחיד, פאַר קהל, פאַר דער געזעלשאַפט. כ׳האָב דערפאַרונג, מען שאַצט עס ניט אָפּ, שטייט אָן א זייט — ס׳איז געזינטער;

היט זיך אָפּ, פּאַסט זיך אויף, פאַרנעמט זיך ניט מיט פּאָליטיק. די וועלט וועט אויסקומען אָן אייך, איר אָן דער וועלט קאָנט ניט אויסקומען, האָט זיך בעסער אין זינען — ס׳איז אזוי געזינטער;

וואָס ווייניקער איר וועט זיך גריבלען אין די וועלט־נייעס מיט דער וועלט־פּאָליטיק, וועט עס זיין בעסער פאַר אייך; כ׳ווייס עס, ס׳איז געזינטער;

מאַכט זיך ניט פאַר קיין וויסער און קענער, וואָס ווייניקער מען ווייסט און וואָס ווייניקער מען קאָן היינטיקע צייטן איז געזינטער;

מישט זיך ניט אין פרעמדע געשעפטן, קוקט ניט נאָך קיינעם, גיט ניט קיין אָנווייזונגען אייערע פריינד, ס'איז געזינטער;

שטעלט זיך ניט ארויס פאר קיין גוטן, פאר קיין חכם, מען וועט אייך אויסלאַכן. זיין א נאַר גילט בעסער — ס'איז געזינטער;

באַרימט זיך ניט פאר קיינעם, באקלאָגט זיך ניט. לאַכט ניט און וויינט ניט פאר מענטשן, גלייבט מיר — ס'איז אזוי געזינטער;

פאָרט ניט מיט קיין אויטאָס, פליט ניט מיט קיין עראָפלאַנען, נוצט די אייגענע רגלים — ס'איז אזוי געזינטער;

טרינקט ניט קיין שטאַרקע געטראַנקען, קיין אלקאָהאָל, עסט ניט קיין שאַרפע פּאָטראַוועס, עסט בכלל ווינציק — ס'איז געזינטער;

לויבט ניט אייערע באקענטע, זאָגט ניט קיין קאָמפּלימענטן, אויך דער־נידעריקט זיי ניט, רייסט זיי ניט ארונטער: זאָגט ניט גוט, זאָגט ניט שלעכט, ווייל אזוי איז געזינטער;

פאַרבעט וויניקער געסט צו זיך, זייט אויך זעלטענער א גאסט ביי יע־נעם — ס'איז געזינטער;

חנפעט יענעם, גיט יענעם א פּוץ, א לעק, א גלעט, א לאַסקע — גלייבט מיר ס'איז געזינטער...

* * *

ווער ווייסט ווי לאַנג דער ייד וואָלט נאָך אזוי געצויגן דאָס געשפּרעך מיט זיינע נודנע אָנווייזונגען און עצות, ווען ער וואָלט פּלוצלינג מיר ניט גע־זאָגט, אז איך זאָל אים טאָן א טובה און באָרגן א פּאָר שילינג. ער וויל אריינ־גיין אין דערבייאיקן רעסטאָראַן עסן א מאָלצייט...

דאָ האָט זיך מיר געוואָלט אויסנוצן דעם יידנס עצות, זאָג איך:

— ליבער ייד, איר האָט מיר אזויפיל גוטע עצות געגעבן, וועל איך טאַקע אויסנוצן עטלעכע פון זיי. ווי זאָגט איר, ס'איז געזינטער ניט זוכן קיין באקענטשאפטן, פריינדשאפט, ניט טאָן טובות, ניט געבן קיין הלוואות, האַלטן זיך אָפּגעזונדערט פון מענטשן און אזוי ווייטער — פאָלג איך אייך, ס'איז גע־זינטער, יאָ, ס'איז געזינטער!...

— פאר אזוי פיל גוטע עצות, — האָט זיך דער ייד אָפּגערופן, — זאָגט איר מיר אָפּ באָרגן א פּאָר שילינג פאר א מאָלצייט?

האָב איך לאַנג ניט געטראַכט און דעם ייד געגעבן א קליינעם גמילות־חסד און זיך פאר אים פאַרענטפערט.

האָט דער ייד גענומען די מטבע און צו מיר געזאָגט מיט א שמייכל:

— איר דאַרפט זיך ניט פאַרענטפערן. ווען איר גיט מיר ניט די פּאָר שי־לינג, וואָלט אויך גוט געווען. ס'וואָלט געווען געזינטער פאר אייך און פאר מיר!...

# ער איז אַ יחסן

איך האָב א פריינד, איז ער א שוואַכער מענטש, האָט א שוואַך האַרץ מיט שוואַכע נערוון, און ביי יעדער קליינינקייט רעגט ער זיך אויף, צינדט ער זיך אָן, אז מען מיינט, אָט־אָט גייט ער אויס . . .

ליידט נעבעך מיין פריינד זייער פיל, האָט שלעכטע טעג מיט בי־טערע נעכט. ביי יעדער קלייניקייט כאַפּט ער אַטאַקעס, אז עס דאַכט זיך, אז ער ענדיקט זיך, אז ער גייט אויס און ווערט אויף אייביק אנטשלאָפן ווי א טויב...

די זייטיקע ארום ליידן פון מיין פריינדס שוואַכקייט, פון זיין שוואַך האַרץ און נערוון, מער ווי ער אליין. ביי יעדער געלעגנהייט שטויסט מען זיך אָן אויף די שטרענגע פאראָרדענונגען פון די דאָקטוירים, וואָס זאָגן אָן ניט אויפרעגן אים. מיין פריינד טאָר זיך ניט אויפרעגן, עס איז א גרויסע סכנה פאַר אים.

ווייסן שוין אלע, אז מען טאָר מיין פריינד ניט אויפרעגן, און ער, מיין פריינד, נוצט עס טאַקע גוט אויס. ער ווייסט, אז ער איז א יחסן, ער איז דאָך א שוואַכער מענטש מיט א שוואַך האַרץ און נערוון, טאָר מען אים דערפאַר ניט אויפרעגן.

ליידט מען דעריבער פון אים אָן א שיעור, מען ווערט שיעור ניט צע־פּלאַצט ליידנדיק, אָבער מען מוז שווייגן. ווער וועט עס נעמען טרייבן א מענטשן צו נערוון־אויפטרייסלונגען מיט האַרץ־אטאקעס ?

אין זיין געזעלשאפט מוז זיין שטיל, אָבער ער, דער בעל־דבר אליין, מיין פריינד, איז ניט שטיל: ער טומלט, שרייט, באַליידיקט אַלעמען, זידלט, מאַכט אלעמען צוגלייך מיט דער בלאָטע, אָבער מען מוז שווייגן, מען טאָר ניט אָפּענטפערן, ער קאָן דאָך זיך נאָך אויפרעגן און באַקומען אָן אַטאַק . . .

אין זיין געזעלשאַפט טאָר מען ניט רויכערן, ער פארטראָגט ניט קיין רויך, דער רויך קריכט אים אין די אויגן, אין די ביינער און לייגט זיך אים אויפן האַרץ — און דאָס האַרץ איז דאָך ביי אים אזוי אידל, שוואַך, מוז מען אויפגעבן רויכערן אין זיין געזעלשאפט. אָבער ער אליין נעמט זיך אָפט ארויס זיין זילבערנע ציגאַרן־פּושקע און פאררויכערט זיך . . .

מען טאָר אפילו ניט אָנמערקן, אז עס איז ניט שיין פאַרוועדן אנדערע רויכערן און אליין דאָס טאָן. מען טאָר אים דאָס ניט זאָגן, ער קאָן זיך נאָך אויפרעגן און עס קאָן אים נאָך שאַטן ברענגען צום געזונט.

אלע מיינע קרובים און באַקאַנטע ווייסן שוין, אז מען טאָר אים ניט אויפ־רעגן, אז ער האָט שוואכע נערוון מיט א שוואַך האַרץ. און אז יענער נעמט א וואָרט און זאָגט אריין דעם עולם וואָס געפעלט ניט, ענטפערט מען אים ניט, מען פארשווייגט, אז אויב מען זאָל אים ענטפערן, קאָן ניט זיין גוט: מען שרעקט זיך פאר זיין שוואַך־האַרץ...

אז מען קומט צו אים נאָך א באשטייערונג פאר א קאַמפּיין, א זאַמלונג, אַן אַקציע, זאָגט ער באלד אָן, מען זאָל זיך מיט אים ניט דינגען, מען זאָל פון אים נעמען, וויפיל ער וועט געבן, מען זאָל זיך ניט דינגען מיט אים און ניט רייסן צופיל געלט, ער איז א שוואכער מענטש, מען טאָר אים ניט אויפרעגן...

קריכט מיין פריינד אלעמען אויפן קאָפּ, זאָגט אלעמען אריין אין אמתן יחוס אריין און אלע שווייגן, האָבן נאָך גרויס מיטלייד מיט אים און האָבן מורא ער זאָל זיך, חלילה וחס, ניט אויפרעגן, ער איז דאָך, נעבעך, א שוואַכער.

אָבער זיין ווייב זאָגט, אז א שוואַך האַרץ האָט זי און ניט ער, זי איז שטאַרקער פון אייזן, אז זי האָלט עס אויס פון אים — און מען מעג איר טאַקע גלייבן אויך.

# ביי דער קאַסע פון יידישן טעאַטער

קומט א פרוי צו דער קאַסע פון א יידישן טעאַטער, טוט א פרעג:

— דאָ פאַרקויפט מען די בילעטן?

— יאָ, דאָ!

— קאָן איך באַקומען צוויי גוטע פּלעצער?

— געוויס, וועלכע פּרייזן? — פרעגט די קאַסירערין.

— איך וויל ניט קיין צו־טייערע און ניט פון די ביליגע, כ'וויל האָבן פּלעצער, ווו איך זאָל קאָנען זען און הערן די אַרטיסטן!

— איר ווילט האָבן נאָענט צו דער בינע? — פרעגט די בילעטן־פאַרקויפערין.

— נאָענט צו דער בינע?! — רופט זיך יענע אָפּ, — איך האָב אמאָל געהאַט פּלעצער, אין דער צווייטער ריי פון דער בינע, האָב איך געמוזט אוועק אין מיטן דער פאָרשטעלונג. עס האָבן אויף מיר געמאַכט א שלעכטן איינדרוק די אָנגעשמינקעוועטע פנימער, וואָס האָבן ארויסגערופן א חלשות. כ'פאַרשטיי ניט, ווי מענטשן קאָנען זיך צעפּאַטשקען און זיך פאַרקריפּלען מיטן אויסזען? עס איבלט, פּע! ווען די ארטיסטן ריידן, לעכערן זיי די מוחות, און בעת זייער זינגען, קאָן מען צעפּלאַצט ווערן, פּונקט ווי זיי וואָלטן ארויסגעשאָסן פון שווערע האַרמאַטן! ניין, ניט פון די פאָדערשטע פּלעצער וויל איך האָבן!

— איר ווילט געוויס, ליבע פרוי, פּלעצער אין די אונטערשטע רייען? — פרעגט שוין אומגעדולדיק די קאַסירערין.

— וואָס, פון די אונטערשטע רייען? — ווערט די פרוי אַן אויפגערעגטע, — ווען איר זאָלט מיר געבן דאָרט אומזיסטע פּלעצער, וועל איך ניט נעמען. ערשטנס, זעט מען און מען הערט ניט פון די ערטער, און צווייטנס, ווער זיצט עס אין די אונטערשטע רייען? קיין איין לייטישער מענטש ניט, נישט מיין גלייכן.

— איז וועלכע פּלעצער פאַרלאַנגט איר, אפשר ווילט איר פון די מיטלסטע רייען?

— עס ווענדט זיך, וועלכע מיטלסטע רייען?

— אַט, האָט איר דעם פּלאַן פון טעאטער־זאַל, קלייבט זיך אויס, וועלכע פּלעצער איר ווילט! — ווייזט אָן די קאַסירערין.

די פרוי קוקט, שטודירט דעם פּלאַן פון טעאטער־זאַל. ענדלעך ווייזט זי אָן אויף צוויי ערטער, אַז זי וויל זיי האָבן.

— די פּלעצער זיינען שוין פאַרקויפט! — קומט אָן ענטפער.

— אַז איך האָב שוין געפונען צוויי מענטשלעכע ערטער, זיינען זיי פאַרקויפט!

— יאָ, פאַרקויפט!

— נו, קאָן מען גאָרניט טאָן צו דעם, איז ניט מיגלעך צו האָבן די ערטער?

— ניט מיגלעך!

— אזוי, ניט מיגלעך! — רעגט זיך יענע אויף — איר מיינט, אַז מען קויפט בילעטן, איז מען שוין זיכער, אַז יענע וועלן קומען. עס קאָן דאָך פּאַסירן, אַז יענע זאָלן ניט קומען! אַט האָב איך אַמאָל געהאַט בילעטן אין טעאטער, האָב איך באַקומען אַ שטאַרקע צוקילונג און ניט געגאַנגען אין טעאטער. כ׳האָב אפילו ניט געהאַט ווען פאַרקויפן די בילעטן, סיידן אוועקשענקען זיי. און דאָ שטייט זי אין גרויסן מיט די בילעטן!

— אנטשולדיקט, ליבע פרוי, מענטשן ווארטן אין דער ריי, די צייט ווערט שפּעט. זאָגט וועלכע ערטער איר ווילט האָבן?

— וואָס יאָגט איר אזוי, עס ברענט ניט. מען וועט נאָך אזוי גיך ניט אָנהייבן שפּילן! איך ווייס שוין אייערע אַקטיאָרן, אַז זיי זאָגן פּינקטלעך 8 אזייגער, וועט מען אָנהייבן שפּילן, הייבן זיי אָן פונקט מיט צוויי שעה שפּעטער! נו, גיט מיר אנדערע צוויי פּלעצער, אָבער מענטשלעכע!

— מיר פאַרקויפן נאָר מענטשלעכע פּלעצער!

— אוודאי מענטשלעכע! כ׳זאָל האָבן די גוטע יאָר, וויפל מענטשן, וואָס זיי זיינען פערד און בהמות, עס קומען אין אייער טעאטער!... זאָל זיין אזוי, גיט מיר צוויי פּלעצער!

— אַט זיינען צוויי גוטע פּלעצער!

— וואָס? די פּלעצער, אונטערן באַלקאָן? ניין, כ׳וויל זיי ניט. כ׳האָב שוין עקספּיריענס! אונטערן באַלקאָן וועל איך קיינמאָל מער ניט נעמען קיין פּלעצער, זוכט אייך אנדערע קונים, ניט מיך. אונטערן באַלקאָן איז די לופט אַ שווערע, מען קאָן ניט אָפּאָטעמען, דערשטיקט קאָן מען דאָך ווערן! נאָך אַ צרה: די מענטשן וואָס זיצן אין דער הייך, אויפן באַלקאָן, האָבן אין דער אדמה די יעניקע, וואָס זיצן אונטן, וואַרפן אויף זיי ארונטער אייער־שאָלעכץ,

אייז־קרים־אַפּפּאַל, טשונגאַם, פּאַרטריקנטע סענדוויטשעס און שיריים פון אַנדע־רע מאכלים. ווען מען קומט ארויס פון טעאַטער, דאַרף מען גלייך אריינגיין אין א „דרייקלינינג", אזא פּנים האָט מען!... אנדערע וואַרפן ארונטער סיגאַ־רעטן. מען קוקט ניט, ווו מען וואַרפט. אנומלטן האָט איינער אַן אידיאָט ארונטערגעוואָרפן א סיגאַרעט און מיר אויסגעברענט א לאָך אין א ניי זיידן קלייד, א שכנה האָט נאָך ערגער געטראָפן: א סיגאַרעט איז געפאַלן אויף איר רעכטער באַק! חוץ דעם, איז דאָך ריזיקאַליש צו זיצן אונטערן באַלקאָן. וואָס טוט מען, אז דער באַלקאָן ברעכט איין? א שיין פּנים קאָן מען דעמאָלט האָבן!...

— אנטשולדיקט, פרוי — ווערט שוין יענע אויפגערעגט, — איר ווילט קויפן בילעטן אָדער ניט? איך האָב קיין צייט מער, מענטשן וואַרטן!

— זעט נאָר ווי זי יאָגט, איילט מיטן פאַרקויפן די בילעטן? וועגן יע־נעם טראַכט זי גאָרניט! אז מען גייט אין טעאַטער וויל מען האָבן פאַרגעניגן און ניט דאָס שפּעטער אויסקרענקען, כ׳וויל האָבן גוטע ערטער!

— אָט איז צוויי גוטע ערטער!

— דאָס רופט איר גוטע ערטער? — צעקאָכט זיך יענע, — ס׳איז דאָך פאַרשטופּט אין א זייט, ווייט אָוועק פון אַ טיר. וואָס, א שטייגער, טו איך, אז עס ברעכט אויס א שרפה? מען קאָן דאָך ווערן קויל, ביז מען קומט צו דער טיר! כ׳בין אייך מוחל די פּלעצער, עס לוינט מיר ניט פאַרברענט צו ווערן. איר מוזט זיין אַן אַלטע פאַרזעסענע מויד, איר האָט קיין האַרץ ניט, איך האָב א מאַן און צוויי קינדער ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר, כ׳וויל לעבן. האַלט זיך מיט אייערע פּלעצער, ווערגט זיך מיט זיי, מוחל די טובות, האַלט זיך מיט זיי דאָס גאַנצע לעבן! — — —

די פרוי וואָלט מיגלעך אַנגעהאַלטן לענגער איר מענה־לשון, אָבער פּלוצלינג איז אויסגעבראָכן א מהומה, — ס׳איז דער בילעטן־פאַרקויפערין גע־וואָרן ניט־גוט, שיער ניט אוועקגעפאַלן אין חלשות...

# די אויטאָמאַטישע וואָג

ביי משה נאַדירן איז פאַראַן ערגעץ א מעשהלע מיט זייגערס, צעדרייטע זייגערס, וואָס האָבן ניט געוויזן ריכטיק די צייט. אן ארבעטער האָט זיי אָנגעטראָפן אויפן וועג, גייענדיק צו זיין טעגלעכער באשעפטיקונג. יעדער פון יענע זייגערס האָט געוויזן אַן אַנדער צייט, מאַכנדיק א צעמישונג אינעם מוח פון יענעם ארבעט־מענטש.

אָט דאָס דאָזיקע מעשהלע פון גרויסן יידישן קינסטלער משה נאַדיר, איז מיר פלוצלינג געקומען אויפן געדאַנק, אין שייכות מיט די הונדערטער אויטאָמאַטישע־וואָגן, וואָס געפינען זיך אין יאָהאַנעסבורג.

עס איז כאַראַקטעריסטיש דאָס ביי יעדער דראַגיסט־טיר און ביי אנדערע געשעפטן שטייען זיך וואָגן, אויטאָמאַטישע וואָגן, וואָס פאַרבייגייער נוצן זיי צו פעסטשטעלן זייער געוויכט. די פיל־צאָליקע וואָגן וואַרפן זיך שטאַרק אין די אויגן. מען באגעגנט זיי פיל אין צענטער־שטאָט און אין די ראַנדן פון שטאָט.

אויף אלע גאַסן און געסלעך ארבעטן זיי, די וואָגן, טאָג און נאַכט, שבתים און יום־טובים. זיי ווייסן ניט פון אָפרו, זיינען אלעמאָל גרייט דינען דעם ברייטן עולם, די פאַרבייגייער, פאר א קליינער מטבע.

פאַר איין פעני קאָן מען זיך אָפוועגן, מען וואַרפט עס אריין אין אויטאָמאַטישער מאַשין — און מען קאָן לייענען דאָס געוויכט. די מאַשין וואַרפט נאָך ארויס א קאַרטעלע אַלס צוגאָב, וואָס „טרעפט" יעדן צו יענעמס גליק, צוקונפט און געגנוואַרט . . .

איז טאַקע אָפט, אויף די אויטאָמאַטישע מאַשינען, וועגן זיך יונג און אַלט, פעטע און דאַרע, מענטשן פון פארשיידענע נאציאָנאַליטעטן און גלויבנס. פאר איין פעני ווייזט די אויטאָמאַטישע וואָג יעדערנס געוויכט. אויך ווייסן שוין יענע מענטשן אין איינוועגס א ביסל וועגן זיך, וואָס דאָס ארויסגעוואָרפענע קאַרטעלע, אָדער אויטאָמאַטישע אויפשריפטן זאָגן דאַרטן אָן.

קומט א ייד, ווייזט אויס א פרעמדער, און דערזעט פאר זיך אזא אויטאָמאַטישע וואָג, טראַכט דער ייד ניט לאַנג, זוכט אויס ערגעץ אין זיינע קעשענעס אַ פעני, שטעלט זיך ארויף אָפצוועגן — באקומט יענער א קאָלאָסאַלע וואָג — 187 פונט, איז ער צופרידן פון דער גוטער וואָג: ער איז דאָך געווען אויף

„האָלידיי״, נו, האָט ער צוגענומען געוויכט. פון אן אנדער זייט שרעקט עס דעם ייד: דער דאָקטער האָט אמאָל אים פארזאָגט מער קיין געוויכט ניט צונעמען, זאָל זיך האַלטן ארום 160 פונט. ער וואָלט שוין וועגן דעם ניט פיל איבערגעטראַכט, ווען ניט דאָס קאַרטעלע, וואָס די וואָג האָט פאר אים ארויסגעוואָרפן, זאָגנדיק אים אָן, אז בקרוב וועט ער פטור ווערן פון זיין איינזאַם-בחוריש לעבן. האָט שוין יענעם דאָ פאַרדראָסן: א שיינער בחור איז ער — ער האָט דאָך א ווייב, קינדער, איידעמס, שניר און אייניקלעך...

דערביי באמערקט יענער ייד, אקעגן איבער, ביי אן אנדער געשעפט געפינט זיך אויך אזא אויטאָמאַטישע וואָג. טראַכט דער ייד, ער וועט נוצן יענע וואָג, מאַכן זיכער מיט זיין געוויכט און אויך זען וואָס יענע מאַשין וועט אים צוטרעפן. איז דער ייד צוגעגאַנגען צו דער אנדערער וואָג, ניט איבעריק געטראכט, זיך ארויפגעשטעלט אויף דער וואָג, אריינגעוואָרפן א מטבע, די וואָג האָט געוויזן — 103 פונט.

דאָ איז דער ייד געוואָרן שטאַרק צעטומלט און גערעדט צו זיך: הונ־דערט און דריי פונט, שיער א העלפט פון דער ריכטיקער וואָג. האָבן פארשיידענע געדאַנקען גענומען פייניקן דעם ייד, האָט ער גענומען נאָכ־טראַכטן: מיגלעך די מאכלים אויף דער „האָלידיי״ זיינען אוודאי געווען „ערזאַץ״... אָדער מיגלעך דער נייער „דזשאָב״, וואָס ער האָט לעצטנס אָנגע־נומען, פארשאַדט אים. ווער ווייסט, ער מוז גיין זען א דאָקטער. ער פילט זיך לעצטנס טאַקע ניט איבעריק גוט: דער קאָפּ שווינדלט, די פיס וואקלען זיך, שווער טראָגן זיי דעם קערפּער. דערווייל, בינו לבינו, באַמערקט דער ייד א קאַרטל מיטן אויפשריפט, וואָס די וואָג האָט ארויסגעוואָרפן, אז אין על־טער פון פופציק יאָר וועט ער שטאַרבן... דאָ שמייכלט דער ייד, באַרואיקט זיך, עס ווערט אים לייכטער: ער איז דאָך יענעם חודש געוואָרן 61 יאָר.

איז דער ייד אוועק א צופרידענער און האָט באשלאָסן מער ניט אָנצו־קוקן די אויטאָמאַטישע וואָג, טראָגנדיק אין האַרצן א גרויסן האַס צו איר.

דער ייד איז געגאַנגען און געטראַכט פון אנדערע זאַכן, אָבער פלוצלינג איז פאר אים אויסגעוואַקסן, אויף א ווינקל־גאַס, א דראַג־סטאָר, און ביים אריינגאנג — א בלאַנקנדע שיינע אויטאָמאַטישע וואָג, וואָס האָט געצויגן צו זיך. אויפן ערשטן מאָמענט האָט דער ייד אפילו ניט געוואָלט זיך אומקוקן אויף דער מאַשין, אָבער אים איז דורכגעלאָפן א געדאַנק: אפשר איז די מאַשין א ריכטיקע, ס'איז דאָך א שיינע און נייע כלי, מען דארף פּרובירן, אויף טשיקאַ־ווען נאָכאַמאָל, טאַקע נאָר דאָס מאָל.

דער ייד האָט זיך ארויפגעשטעלט אויף דער וואָג, אריינגעוואָרפן א פּע־ני, עס האָט געוויזן — 187 פונט. דער ייד האָט ווידער געצווייפלט, אויב דאָס

איז זיין ריכטיקע וואָג. איז ער אריין צום דראָגיסט און געפרעגט: „וואָס איז דער מער מיט דער אויטאָמאַטישער וואָג, יעדע פון זיי ווייזט אן אנדער וואָג!“ האָט דער דראָגיסט געעצהט דעם ייד נאָכאַמאָל ארויפשטעלן זיך אויף דער וואָג, ניט זיין צעשטרייט, שטיין רואיק, וועט ער באַקומען די ריכטיקע וואָג. איז דער ייד ווידער ארויף אויף דער זעלבער מאַשין, וואָס האָט איצט געוויזן זיין געוויכט — 146 פונט...

דעמאָלט האָט דער ייד אַ שפּיי געטאָן און אוועק ווי אַן אונטערגעשאָסענער.

# דער רעצעפּט צו פאַרלירן גערוויכט

זלמן פעדער, א יידישער שרייבער מיט א לייכטער פען און מיט א שווערן קערפּער, פון דער נאַטור שטענדיק א פעטלעכער מיט א בעל־הבתישן בייכל גאַרניט צו פאַרזינדיקן, ס׳איז, דאַכט זיך, דאָס איינציקע, וואָס זלמן פעדער האָט אָפּגעשפּאָרט פון זיין גאַנצער האַרעוואַניע.

זלמן פעדער האָט געשריבן — און זיין בייכל איז געוואַקסן ווי אויף הייוון. ער האָט געטאָן אלע סגולות צו ווערן דינער, א ביסל מאַגערער, אָבער עס האָט אים געהאָלפן ווי א טויטן איינגעמאַכץ...

עס האָט ערגעץ אין די צייטונגען באמערקט זלמן, אז עס זיינען פאַראַן געוויסע פּילן, וואָס נעמען אַוועק דאָס שמאַלץ, דאָס פעטס און מען ווערט פון זיי מאָגערער. האָט ער פיל ניט געטראַכט און איינגעהאַנדלט זיך יענע רפואות, געשלונגען זיי טאָג און נאַכט, ווי א קונצנמאַכער כאַפּט פייער, נאָר מאָגערער איז ער ניט געוואָרן אויף קיין האָר. דאָס איינציקע וואָס ביי זלמנען איז מאָגערער געוואָרן, איז געווען דער טייסטער זיינער...

האָט עמעצער פון זיינע באַקענטע זלמנען גע׳עצהט מאַכן איבונגען, פאַרנעמען זיך מיט ספּאָרט, נעמען זיך לערנען שפּילן פוטבאָל אָדער אנדערע ספּאָרט־שפּילן, ווייל ס׳איז זייער געזונט דאָס, עס וועט אָן ספק א סך גוטס אים טאָן און מאַכן מאָגערער.

האָט זלמן פעדער געהערט פון זיינע באַקענטע זייער עצה, ער האָט אויסגעטאָן דאָס שרייבערישע אָפּגעטראָגן העמדל זיינס און אָנגעטאָן א קאָלירט געשטרייפט ספּאָרט־העמדל, וואָס האָט אים געמאַכט אויסקוקן, ווי אָן ארעסטאַנט. אין אָט דעם קאָלירטן ארעסטאַנטסקן העמדל האָט זיך זלמן פעדער אויפן ספּאָרט־פּלאַץ געיאָגט נאָך א פּילקע. ער האָט געשוויצט ווי א ביבער, עס האָט גענומען אביסל ווירקן, ער האָט גענומען פאַרלירן, אָבער ניט קיין פעטקייט האָט זלמן פאַרלאָרן, נאָר זיין פאָרטפעל מיט א פּאָר פונט...

האָט זלמן פעדער געזען, אז דאָס איז א שפּיל פאַרן טייוול און ניט פאַר אים איז דאָס פוטבאָל־שפּילן, ווייל ער וועט פאַרלירן אי געזונט און אי

געלט — אלץ, אָבער ניט קיין געוויכט, האָט ער דעריבער אויפגעגעבן די ספּאָרט־איבונגען.

האָט מען זלמנען געעצהט מאַכן גימנאַסטישע־איבונגען ביי זיך אין שטוב: דאָס וועט האָבן א קאָלאָסאַלע ווירקונג, ער וועט באַשטימט פאַרלירן דערפון געוויכט און דינער ווערן. דאָס האָט אָבער אויך ניט געהאָלפן, דאָס איינציקע וואָס זלמן האָט ביי די גימנאַסטישע־איבונגען פארלאָרן, איז געווען צייט...

האָט אַן אַנדערער פריינד זלמנען געגעבן אַן עצה, אינדערפרי און אין אָוונט, זאָל ער לויפן פאַר א שעה צייט אָדער מער. יענער האָט זלמנען פאַרזיכערט, אז ס'איז אן אויספּרובירט מיטל, עס מוז העלפן. זלמן האָט, אגב, קיין חשק ניט געהאַט צו לויפן. ער איז פון דער נאַטור א געלאַסענער, ער איילט זיך קיינמאָל ניט, ער לויפט ניט. אָבער אז מען האָט אים געעצהט לויפן צוליב זיין געזונט־וועגן, צו ווערן דינער, פאַרלירן געוויכט, האָט ער קיין אנדער ברירה ניט געהאַט — און געלאָפן, און דער רעזולטאַט פונעם לויפן איז געווען, אז זלמן האָט פארלאָרן זיין זילבערנעם זייגערל וואָס ער האָט געקראָגן א מתנה פון זיין מחותן...

ניט געקוקט אויף דעם אלעם, האָט מען זלמנען ניט אָפּגעלאָזט און אין אים אריינגערעדט, אז ער זאָל זיך זען ראטעווען פון דער פעטקייט זיינער, ווייל אויב ער וועט עס פארלאָזן, וועט גאָרניט גוט זיין מיט אים; אויב ער וועט ניט זען רעדוצירן זיין פעטקייט, וועט עס נאָך מער שטייגן און דאָס שמאַלץ קאָן אים נאָך חלילה פאַרפלייצן, אז מען זאָל אים, זלמנען, לגמרי ניט ארויסזען...

האָט זיך זלמן שטאַרק איבערגעשראָקן און ער איז אוועק צו א גרויסן ספּעציאַליסט, א דאָקטער, וואָס קאָן זיך גוט אויף די זאַכן, און האָט שוין א סך פעטע יידן געמאַכט מאָגערער... דער גרויסער דאָקטער האָט זלמנען פאַר־שריבן א דיעטע און אויך געגעבן אים רפואות אָנצוגיין פאר א וואָך צייט — און נאָך דעם זאָל ער ווידער קומען אים זען.

אפשר א דריי חדשים צייט איז זלמן פעדער געגאַנגען צו דעם גרויסן ספּעציאַליסט, אָבער די וויזיטן האָבן מער געהאָלפן דעם דאָקטער ווי זלמנען. ער איז געווען דער זעלבער ווי פריער מיטן רונדן בייכל, גאָרניט פארלאָרן קיין געוויכט, דערפאַר אָבער האָט זלמן פארלאָרן פיל געזונט מיט געלט.

האָט א ייד געגעבן אן עצה זלמנען, אז ער זאָל נעמען ארויסגעבן זיינע כּתבים, אָפּדרוקן ביכער, ווייל ארויסצוגעבן יידישע ביכער, איז א גוטע סגולה אויף צו פארלירן וואָג.

און וואונדער איבער וואונדער, יענעמס עצה האָט טאַקע געהאָלפן, געהאַט אַ קאַלאָסאַלע ווירקונג. צייט זלמן פעדער האָט גענומען ארויסגעבן אין בוך־פאָרעם זיינע כתבים, איז שוין באַלד פון אים געוואָרן א האלבער. מיט יעדן טאָג ווערט ער אַלץ מאָגערער און מאָגערער. בלויז אין די ערשטע דריי חדשים האָט זלמן פארלאָרן 46 פונט געוויכט. אויב דאָס זאָל אזוי וויטער אָנהאַלטן, וועט זלמן האָבן גוט אויפגעטאָן: ער וועט שוין זיין שמאַלץ מיטן איבעריקן פלייש פאַרלירן; ער דאַרף שוין גאָרניט זאָרגן; ער דאַרף שוין אויף כּפּרות די דאָקטוירים מיט זייערע רפואות.

דאָס ארויסגעבן א יידיש־בוך און עס פארשפרייטן, האָט די גרעסטע ווירקונג געהאַט אויף זלמנען. יעדע ביסל דריקעניש, גריזאָטע און פארדראָס ווירקט אויף אים און אויף זיין פעטקייט. זלמן איז געוואָרן אַן אנדער מענטש — א האַלבער איז ער שוין געוואָרן...

אויב עס זיינען דאָ יידן פעטלייביקע, זאָלן זיי ניט גיין צו קיין דאָק־טוירים, זאָלן ניט נעמען קיין שום רפואות, קיין ספּאָרט, עס וועט זיי ניט העלפן. אויב זיי ווילן ווערן מאָגערער, פאַרלירן געוויכט איז פאַראַן איין עצה — צו ווערן א יידישער שרייבער און ארויסצוגעבן יידישע ביכער, און זיי פּרוּוון פאַר־קויפן... ס'איז דער בעסטער רעצעפּט צו פאַרלירן געוויכט...

# אַ רפואה צו שלאָפֿן...

מיין לאַנדסמאַן, יאָשע בער, האָט פאַר קיין שום מענטשן געדאַכט פארלאָרן זיין שלאָף. חדשים און יאָרן האָט זיך פון אים אָפּגעטאָן דער שלאָף. ער האָט געטאָן כלערליי סגולות, אָבער ס׳האָט ניט געהאָלפן. ער האָט גענומען פארשיידענע מעדיקאַמענטן און רפואות צום שלאָפן, האָבן זיי ניט געווירקט.

האָט מען געעצהט יאָשע בערן, ער זאָל נעמען לאַנגע שפּאַצירן פאַרן שלאָפן. איז ער יעדער אָוונט געגאַנגען עטלעכע מייל און אהיים געקומען א פאַרמאַטערטער, אָבער געשלאָפן איז ער ניט.

אנדערע האָבן געעצהט יאָשע בערן, ניט עסן קיין שווערע מאכלים, לייכטע שפּייז זאָל ער עסן, דער עיקר פארן שלאָפן. ער זאָל בעסער אוועקגיין פון טיש ניט קיין איבערגעגעסענער, א הונגעריקער, דאָס איז גוט און געזונט, האָט מען אים געגעבן צו פארשטיין. האָט יאָשע בער אזוי געטאָן: ווייניקער געגעסן, געלעגן גאַנצע נעכט א הונגעריקער — און פון דעסטוועגן ניט גע־שלאָפן.

האָט מען יאָשע בערן געגעבן אַן עצה, אז איידער ער גייט שלאָפן, זאָל ער נעמען קאַלטע בעדער, קאַלטע טושן, ער וועט פון זיי דערפרישט ווערן און גוט שלאָפן. האָט ער געפאָלגט: גענומען קאַלטע בעדער, קאַלטע טושן, געפילט זיך טאַקע גוט און פריש — אָבער ניט געשלאָפן.

האָבן אנדערע געטענהט, אז קאַלטע טושן און קאַלטע בעדער טויגן ניט, ער דאַרף נעמען הייסע בעדער, ווייל א הייסע וואַנע האָט א גוטע ווירקונג פאַרן שלאָף. איינס און צוויי ווערט מען, נאָך א הייסער באָד, איינגעשלאָפן. האָט יאָשע בער גענומען הייסע וואַנעס, אָבער געשלאָפן איז ער אַלץ ניט...

יאָשע בערס ווייב האָט געמאַכט א ויצעקו, אים אויפגעפּאָדערט צו גיין זען א דאָקטער. איז יאָשע בער אוועק צו א דאָקטער, האָט יענער פארשריבן פילן צום שלינגען. אין אָנהייב האָט עס א ביסל געווירקט, יאָשע בער האָט גענומען כאַפּן א דרעמל: ער איז געווען גליקלעך און צופרידן.

לאַנג האָבן אָבער די רפואות ניט געהאָלפן. יאָשע בער האָט זיך צו זיי גענומען צוגעוווינען, האָבן זיי אויפגעהערט צו ווירקן, און יאָשע בער איז

ווידער געלעגן אין בעט גאַנצע נעכט, געגלאָצט צום הימל און געפּילט, אז ער וועט פון זינען ארונטער.

האָבן גוטע פריינד אים פאָרגעלייגט לייענען פארן שלאָף ראָמאַנען, וויסנשאַפטלעכע ווערק, אָדער הומאָרעסקעס. מען האָט פאַרזיכערט יאָשע בערן, אז בלי ספק וועט דאָס לייענען האָבן א גרויסן אויסווירק. ער וועט גע־וויס צוריק באַקומען דעם שלאָף. יאָשע בער האָט געהערט, גענומען לייענען, געשלונגען די ביכער, געוואָרן אויסגעמאַטערט מישנדיק די בלעטער, אָבער געשלאָפן איז ער ניט...

האָבן אנדערע געזאָגט יאָשע בערן גיין אויף ליטעראַרישע אָוונטן, הערן רעדנער, פאָרלייענער, רעציטאַטאָרן. יאָשע בער איז, נעבעך, געגאַנגען אויף ליטעראַרישע אָוונטן, פאָרלעזונגען, געהערט לעקציעס, רעציטאַטאָרן, ער איז פון זיי גענוג אויסגעמאַטערט געוואָרן, געגענעצט א סך, אָבער ניט געשלאָפן...

איז יאָשע בער ארײַנגעפאַלן אין א היסטעריע, האָט זיך שטאַרק איבער־גענומען דערפון וואָס ער קאָן ניט שלאָפן, איז ארומגעגאַנגען א דערשלאָגענער אָן מוט, גענומען ווייניקער עסן, ער איז געוואָרן א העלפט, פארלאָרן געוויכט, דערפילט זיך שוואַכער און שוואַכער און זיך גענומען שרעקן, אז ער וועט עס ניט איבערטראָגן. יאָשע בער איז אויף אן אמת קראַנק געוואָרן, ניט געקאָנט ארומגיין אויף די פיס, ער איז געבליבן אין בעט.

האָט מען גערופן אַ דאָקטער, מען האָט אים אַלץ דערציילט וועגן יאָשע בערס שלאָפלאָזיקייט. האָט דער דאָקטער באַרואיקט יאָשע בערן מיט זיין ווייב, אז זיי זאָלן זיך ניט איבערנעמען, ס'איז חלילה ניט קיין שום ערנסטקייט, ער איז נאָר אָפּגעשוואַכט פון ניט שלאָפן. דער דאָקטער האָט פאַרשריבן א רעצעפּט און פאַרזיכערט, אז דער קראַנקער וועט מהיום והלאה שלאָפן, און ממילא וועט ער באַקומען צוריק זיינע כוחות, ווערן געזונט, זיין ווי אלע מענטשן געזונט און נאָרמאַל, מיט א גוטן שלאָף.

און מערקווערדיק, טאַקע נאָכדעם ווי יאָשע בער האָט צום ערשטן מאָל גענומען די רפואה, וואָס דער דאָקטער האָט אים פאַראָרדענט, האָט עס אויף אים גענומען קאָלאָסאַל ווירקן: ער איז איינגעשלאָפן מיטן ריכטיקן שלאָף...

# דאָקטוירים

עס איז געזעסן א גרופּע מענטשן און האָבן געשמועסט אויף כלערליי טעמעס, ביז מען האָט זיך דערשמועסט וועגן דאָקטוירים.

האָט זיך איינער פון דער גרופּע אָפּגערופן:

— דאָקטוירים זיינען ביזנעסלייט!

— געמבלערס! — האָט א צווייטער אונטערגעהאַלטן.

— נאָך וואָס פאַראַ ביזנעסלייט, געמבלערס! — האָט א דריטער זיך אָפּגערופן. — כ׳וועל אייך דערציילן פון אייגענער דערפאַרונג. ס׳איז אמאָל מיין פרוי קראַנק געוואָרן, האָט מען געקלונגען צו אונדזער דאָקטער, איז יענער אָבער ניט געווען אין דער היים. האָט א שכן געעצהט רופן זיין דאָקטער: ער איז א גוטער דאָקטער, האָט ער פאַרזיכערט. האָט מען גערופן דעם אָ דאָקטער. ער איז געקומען, אונטערזוכט מיין פרוי און ארויסגעטראָגן זיין דיאַגנאָז, אז ביי מיין פרוי אנטוויקלט זיך גאָר אן ערנסטע קרענק. היות אויף זיך וויל ער ניט שטעלן, עצהט ער ארויסצורופן נאָך א דאָקטער אויף האָבן א קאָנסוליום. האָב איך צוגעשטימט, אז דער דאָקטער זאָל ארויסרופן נאָך א דאָקטער, כדי האָבן א באַראַטונג. טאַקע באַלד איז געקומען אן אנדער דאָקטער, ביידע האָבן זיך געשושקעט, געהאַט א קאָנסוליום און האָבן באַשטימט, אז מיין ווייב איז ערנסט קראַנק, מען מוז איר אוועקלייגן אין א „נוירסינג־האָום", ווו זי וועט פּאָרזיכטיק באַהאַנדלט ווערן. כ׳האָב, פאַרשטייט זיך, צוגעשטימט, און מיין ווייב איז גענומען געוואָרן אין א „נוירסינג־האָום". זי איז דאָרט אָפּגעלעגן אן ערך 10 טעג. יעדער טאָג איז ביי איר געווען א יאָר, זי האָט זיך געבעטן ביי די דאָקטוירים, מען זאָל איר ארויסלאָזן, זי וויל גיין אהיים צום מאַן און קינדער, ווייל זי פילט זיך שוין בעסער. די אויבן דערמאָנטע דאָקטוירים האָבן געמאַכט איר איינשפּריצונגען, געגעבן איר פּילן שלינגען — דער רעזולטאַט דערפון איז געווען, אז עס איז איר, מיין פרוי, געוואָרן ערגער: דער קאָפּ האָט איר שטאַרק וויי געטאָן און די פיס זיינען געוואָרן ווי געליימט און זי האָט שוין פאַרלאָרן דעם ווילן צו גיין אהיים... אָבער סוף־סוף איז זי פון דאָרט אנט־לאָפן. אין דער היים איז איר פאַקטיש בעסער געוואָרן. עס איז איר בעסער

געוואָרן, ווייל זי האָט אויפגעהערט צו שלינגען פילן, ניט געהאַט קיין איינ־שפריצונגען און זיך באפרייט פון דער מעדיצינישער אויפזיכט!

— דאָס איז אינטערעסאנט! — האָבן אלע געזאָגט.

— יאָ, ס׳איז אינטערעסאַנט! — האָט יענער פאַרטגעזעצט, — עס האָט זיך שפעטער ארויסגעוויזן, אז די דערמאָנטע צוויי דאָקטוירים זיינען געווען צוויי שותפים, זיי האָבן צוזאמען פראַקטיצירט... די „נוירסינג־האָום" איז געווען זייערע. זיי האָבן ספעציעל מיין יידענע אריינגענומען אין „האָום" און איר דאָרט געהאַלטן צען טעג, דערנאָך האָבן זיי א חשבון צוגעשיקט, אז עס איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן!...

נו, — האָט זיך אָפּגערופן איינער פון דער גרופּע, — אזוי לאַנג ווי עס גייט אויס צו געלט, איז ניט געפערלעך. מיר ווייסן דאָך, אז עס זיינען פאראן דאָקטוירים, וואָס נעמען אָפּט צו געלט מיטן לעבן... מען זאָל אָפּגעהיט ווערן! כ׳זאָג אלעמאָל: היט מיך גאָט פון גוטע פריינד — און פון דאָק־טוירים!...

— מיט מיר האָט פּאַסירט, — האָט זיך אָפּגערופן א צווייטער: איך בין אַמאָל אוועק צו א ציין־דאָקטער, עס האָט מיר א צאָן ווי געטאָן, יענער האָט מיך גענומען אין דער ארבעט אריין, געמאַטערט מיך און געצויגן און געריסן. כ׳האָב געפילט, אז ער ציט ארויס פון מיר די עצמות. כ׳האָב זיך גענומען ווערן, אָפּשטופּן אים, כ׳האָב גענומען שרייען, כדי זיך ארויסרייסן פון דענטיסט׳ס הענט, איז אָבער יענער געווען שטאַרקער פון מיר, האָט זיך ארויפגעזעצט אויף מיר רייטנדיק — און מיט כוח געריסן, ניט הערנדיק מיינע פּראָטעסטן און געשרייען... ווען איך האָב אים געשטערט, האָט ער גערופן זיין „נוירס", מען האָט מיך געהאַלטן פעסט, און ער האָט געטאָן זיינס, געריסן בגוואלד מיינע ציין. כ׳האָב געזען, אז ס׳איז גאָר ניט קיין געלעכטער, כ׳וועל חלילה אויסגיין אונטער יענעמס הענט, האָב איך מיט די לעצטע כוחות זיך א ריס געטאָן און יענעם ארונטערגעשליידערט פון זיך און ארונטער פון שטול. כ׳בין געווען צעבלוטיקט מיט א האלב־ליידיקן מויל. א העלפט פון מיינע געזונטע ציינער זיינען געלעגן אין א טעצל. כ׳בין געווען אין א שטימונג כאַפּן דעם ציין־דאָקטער און אים דורס זיין. יענער האָט קאַלט, ווי א גזלן, מיט א לאָקריץ־זיס שטימעלע אָפּגערופן זיך:

— איר זייט דאָך א גרינער, אַ ווילדער! פאַרוואָס לאָזט איר ניט מיך אָנגיין מיט מיין ארבעט, זעצט זיך אוועק, לאָזט ארויסרייסן די איבעריקע ציין, איר דארפט זיי ניט, זיי זיינען סם!

וואָס זאָל איך אייך זאָגן, דערציילט ער, כ׳האָב דעם דענטיסט ניט גע־פאָלגט און געמאַכט פון אים א ויברח. אָט דעם „סם", די עטלעכע איבערגעבלי־

בענע ציינער וואָס איך האָב אָפּגעראַטעוועט, האָב איך נאָך עד היום. אָן זיי וואָלט איך גוט אויסגעקוקט, כ׳האָב נאָך גוט אָפּגעשניטן. מיינס א שוועגערין איז אוועק צום זעלבן ציין־דאָקטער מיט א קראַנקן צאָן, האָט ער איר א ליידיק מויל געלאָזן. זי איז, נעבעך, א שוואַכע, ניט געקאָנט קעגנשטעלן זיך, און דעריבער איז זי געבליבן אָן א צאָן אין מויל!...

— מיט מיר האָט פּאַסירט אזא געשיכטע, — האָט זיך אָפּגערופן א דריטער פון דער גרופּע: איך האָב אמאָל געליטן אויף קאָפּ־ווייטאָג, דער דאָקטער האָט מיר געגעבן רפואות — און ריוח האָט ער געהאָט מיטן „קעמיסט״... נאָכדעם האָט דער דאָקטער מיך געעצהט גיין צו אָן אייגן־ספּעציאַליסט. (כ׳בין עס שפּעטער געוואָר געוואָרן, אז דאָס איז געווען זיין שוואָגער...) האָט דער אויגן־ספּעציאַליסט געטאָן א קוק מיט זיינע אויגן אין מיינע און געזאָגט, אז די אויגן מיינע געפעלן אים ניט. מיינע אויגן קוקן ניט, ווי אויגן דאַרפן קוקן. זיי קוקן, ווי ער זעט זיי, ווי ביי א ניט־נאָרמאַלן מענטשן... זיי קוקן מער אויף יענער וועלט, ווי אויף דער... האָט ער מיר געעצהט האָבן גלייך אַן „אָפּעריישן״, ער מאַכט עס לייכט און געשיקט, ער נעמט ניט פיל, אינגאַנצן הונדערט גינעס... כ׳האָב דעם אויגן־ספּעציאַליסט געזאָגט, אז כ׳וויל זיך באַראַטן מיט מיין ווייב און משפחה. האָט ער געזאָגט, אז אויב כ׳וועל אָפּלייגן דעם „אָפּעריישן״ וועל איך באַדויערן, עס קאָן נאָך ווערן צו־שפּעט, מיט אויגן שפּילט מען זיך ניט. כ׳זאָל געדענקען, אז א מענטש האָט נאָר איין פּאָר אויגן, מוז ער זיי היטן...

דערווייל, אינמיטן שמועס מיטן אויגן־דאָקטער, איז אריינגעקומען א צווייטער פּאַציענט. ער האָט געטראָגן שוואַרצע ברילן און געטאַפּט דעם דיל מיט א גראָבן ווייסן שטעקן. ס׳איז מיר געווען טשיקאַווע וויסן וועגן דעם דאָזיקן מענטשן. כ׳בין געוואָר־געוואָרן, אז דאָס האָט אים דער אויגן־ספּעציאַליסט געמאַכט אַן „אָפּעריישן״. דער „אָפּעריישן״ האָט געווירקט, האָט יענער געזאָגט, אז ער איז נעבעך בלינד געוואָרן... אז איך האָב דאָס דערהערט, האָב איך געמאַכט פּליטה, אנטלאָפן פונעם אויגן־ספּעציאַליסט, און גאָט צו־דאַנקען, זינט דעמאָלט ווייס איך ניט פון קיין אויגן־טראָבל... איך זע אַלץ אָן ברילן, מיינע אויגן זיינען ריין און געזונט, הלוואי ניט ערגער ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר!...

— און מיט מיר האָט געטראָפן, — האָט א פערטער פון דער גרופּע זיך אָפּגערופן: כ׳האָב אמאָל באַקומען א שוואַכן מאָגן. דער דאָקטער האָט מיר געזאָגט, אז כ׳האָב א ווונד דאָרט און עס קאָן ווערן א ראַק... אז כ׳האָב דאָס דערהערט, זיינען מיר געוואָרן אָפּגעליימט הענט און פיס. האָט דער דאָקטער מיך באַרואיקט. ער האָט מיך געעצהט זיך היטן מיטן עסן, גאָר ווייניק

עסן. א קראַנקער מאָגן, האָט ער מיר, דער דאָקטער, דערקלערט, לעבט אויף, ווען ער קריגט ניט קיין שפּייז, ווען מען שטאָפּט אים ניט מיט קיין עסן, ווען דער מאָגן עסט ניט, נאָר ער רוט. א מאָגן איז פּונקט ווי א מענטש, ער מוז רוען. האָב איך, פאַרשטייט זיך, געפאָלגט דעם דאָקטער — און אויפגע־הערט עסן. דער רעזולטאַט איז געווען, מיין מאָגן איז געוואָרן נאָך ערגער, פיל ערגער ווי פריער. איך האָב זיך אָנגעהייבן ניט פילן גוט, געוואָרן שוואכער, די פיס האָבן געבראָכן, דער קאָפּ האָט ווייגעטאָן, אויך פאר די אויגן האָט גע־נומען שווינדלען, אזש הימל און ערד האָבן זיך אויסגעמישט. כ'האָב געמיינט, אז די וועלט ענדיקט זיך פאַר מיר... כ'האָב אָבער געהאַט מזל, ווייזט אויס, ס'איז מיר באשערט געווען נאָך צו לעבן, האָט א פריינד מיך געראָטן — איך זאָל עסן! ער האָט געטענהט און אויסגעפירט, אז א מאָגן האָט ליב דערנערונג: אז מען עסט האָט מען כוחות, און אז מען איז געזונט האָט מען אפּעטיט — און מען עסט ווידער...

— יאָ, איר ווילט דאָך וויסן דעם סוף, — כ'האָב געהערט מיין פריינד, כ'האָב גענומען עסן, טאַקע עסן כדבעי. מיין מאָגן האָט, אפנים, דערפון הנאה געהאַט, גאָר גיך איז ער געזונט געוואָרן. איך האָב זיך אָנגעהייבן שפּירן בע־סער, אַן אַנדער מענטש געוואָרן.

# די סאָסייטי איז שולדיק...

האָט אַמאָל אַ ייד פאַר מיר אַראָפּגערעדט זיך פון האַרצן:

איך בין שוין אין דער מדינה, ניט קיין נעכטיקער, שוין באלד 25 יאָר. יאָ, 25 זומערס מיט 25 ווינטערס האָב איך דורכגעלופטערט מיינע ביינער אין דער גאָלדענער אפריקע. איך בין אמאָל געווען געזונט און שטאַרק ווי אַ נוס. קיינמאָל ניט געפילט קיין ווייטאָג, ניט געוווסט פון קיין שטעכענישן און ברע־כענישן. דער אַפּעטיט איז געווען גוט, הלוואי אויף היינט געזאָגט געוואָרן!

געווען איז דאָס אַמאָל, אַמאָל, מיט יאָרן צוריק, אָבער ניט היינט. היינט בין איך ניט דאָס, וואָס געווען. נישטאָ יענע כוחות, דאָס געזונט פון אַמאָל — און ווייסט איר ווער עס האָט פון מיר צוגענומען דאָס געזונט? ניט קיינער, נאָר די סאָסייטי־דאָקטוירים. יאָ די סאָסייטי אין וועלכער איך בין געווען אַ מיטגליד קאַרגע אַכט יאָר, האָט מיך אָפּגעקוילעט.

איך האָב קיינמאָל ניט געהאַלטן פון זיין אַ מיטגליד אין אַ סאָסייטי, ניט געהאַט דערצו קיין חשק. ביז עד היום פאַרשטיי איך ניט, פאַרוואָס מענטשן זיינען אזוי נאַריש און הרגענען זיך אוועק, לייגן איין וועלטן, שטופּן זיך און רייסן זיך צו זיין מיטגלידער, בפרט נאָך פאַרנעמען אַ בענקל אין אַ קאָמיטעט ערגעץ פון אַ סאָסייטי. ביי פיל נאַאיווע יידן אין לאַנד איז געוואָרן אַ גרויסע אַמביציע און יחוס, פונקט ווי עס איז געוואָרן אַן אמביציע ביי געוויסע מענטשן צו האָבן אַ שיינע צוויי־עטאַזשנע ווילע, אַ קרייסלער־אויטאָ, אָדער שפּילן אַ גרויסע „גיים" פּאָקער צי שעמי...

איך, אָבער, האָב קיינמאָל ניט געוואָלט ווערן קיין מיטגליד פון קיין שום סאָסייטי, איך האָב ניט געהאַלטן דערפון. מען האָט מיר אַמאָל געהאַט אָנגעבאָטן אַ בענקל, — און דוקא אַ חשובן בענקל, האָב איך זיך דערפון אָפּ־געזאָגט, ניט געוואָלט דעם כבוד, מוחל. איינמאָל האָט קיין זאַך ניט געהאָלפן און איך בין געוואָרן אַ מיטגליד פון אַ סאָסייטי, מיינע לאַנדסלייט האָבן זיך צוזאמענגערעדט און געגרינדעט אַ פאַראיין און מיך געמאַכט פאַר אַ מיטגליד. דאָ האָב איך שוין ניט געקאָנט זיך אַרויסדרייען, בפרט, אז מען האָט מיר גע־מאַכט דעם חשבון, וואָס פאַרא בענעפיטן איך וועל האָבן אלס מיטגליד: פאַר אַ קליינעם אָפּצאָל, וועל איך האָבן די רעכט געניסן פון פרייע דאָקטוירים און

מעדיצין בחינם — און אַז איך וועל זיך נייטיקן אין געלט, וועל איך אויך קאָנען, אָן פּראָצענט, באַקומען אַ הלוואה.

אין קיין הלוואות האָב איך זיך ניט גענייטיקט, קיין דאָקטוירים מיט מעדיצין האָב איך אויך ניט באַדאַרפט, אָבער אַ מיטגליד בין איך דאָך גע־וואָרן: פּאַרט אייגענע לאַנדסלייט, היימישע מענטשן, האָט ניט געפּאַסט אָפּ־זאָגן. כ׳בין געווען אַ מיטגליד, געצאָלט אין צייט מיין מיטגליד־אָפּצאָל. וואָס אָן אמת, האָט זיך ניט געוואָלט צאָלן סתם אין דער וועלט אַריין, בפרט ווען מיינע לאַנדסלייט האָבן פון מיר געלאַכט, פאַרוואָס איך זע ניט אַמאָל אַ דאָק־טער, אַ דענטיסט, ס׳וועט מיך ניט קאָסטן קיין פעני, כ׳בין דאָך אַ מעמבער. האָב איך לסוף איינגעזען, אַז יענע זיינען גערעכט, און באַשטימט צו גיין צוזען דעם סאָסייטי־דאָקטער.

די ערשטע צייטן בין איך געגאַנגען צום דאָקטער איינמאָל אין חודש. דער דאָקטער האָט מיך אונטערזוכט, אַריינגעקוקט אין די אויגן, געהייסן מיר ווייזן די צונג און פאַרשריבן מיר אַ רפואה. אַזוי איז דאָס געגאַנגען אַ שטיקל צייט. שפּעטער בין איך געוואָר־געוואָרן, אַז די סאָסייטי האָט פינף דאָקטוי־רים און די מיטגלידער האָבן אַ רעכט, אָן געצאָלט, פון זיי אונטערזוכט צו ווערן, האָב איך ניט געוואָלט דורכלאָזן די געלעגנהייט און גענומען אַלע פינף דאָקטוירים באַזוכן. אין דער אמתן האָט מיר חלילה קיין זאַך ניט געפעלט, ניט געהאַט אויף וואָס זיך באַקלאָגן: דאָס געזונט איז געווען אין בעסטער אָרדענונג, אָבער היות עס האָט קיין געלט ניט געקאָסט, בין איך צו די מעדי־צינער געגאַנגען, און גאַנץ אָפט.

איך האָב גענומען אָפטער באַזוכן די דאָקטוירים, במקום איינמאָל אין חודש, האָב איך גענומען לאָזן זיך אונטערזוכן יעדע וואָך, און אַ ביסל שפּעטער — צוויי מאָל אין וואָך, און אַז איך האָב ניט געהאַט וואָס צו טאָן, האָב איך זיך אַריינגעכאַפּט צום דאָקטער דריי מאָל אַ וואָך, און אַמאָל מער אויך. גאָר אַמאָל, ווען איך האָב זיך געפוילט גיין צום דאָקטער, האָב איך טעלעפאָנירט, אַז דער דאָקטער זאָל קומען צו מיר אַהיים. עס האָט מיך ניט געקאָסט טייע־רער, איז ער ניט חולה, דער דאָקטער, קומען צו מיר. די סאָסייטי האָט שוין געהאַט אירע אָפּמאַכן מיט די דאָקטוירים צו צאָלן זיי דעם האָנאָראַר, און מיר איז גאָרניט אָנגעגאַנגען.

גאָר אָפט, אַז מיר איז געוואָרן אומעטיק צי לאַנגווייליק, האָב איך קיין סך ניט געטראַכט און טעלעפאָנירט נאָך אַ דאָקטער. דער דאָקטער איז געקומען און מיר איז געוואָרן אַ ביסל היימלעכער. איך האָב מיך אַזוי נוהג געווען אַלע־מאָל, ווען מיר איז געווען אומעטיק אָדער לאַנגווייליק. די דאָקטוירים זיינען

געקומען און מיר געמאַכט א ביסל פרייער, פאַרטריבן דעם אומעט, אָדער פאַרקערט — נאָך אומעטיקער מיר געמאַכט...

עס איז אינטערעסאַנט, אז יעדער דאָקטער האָט אלעמאָל עפּעס אנדערש פאַרשריבן, יעדער פון זיי האָט אין מיר אן אנדער קרענק אנטדעקט. מיין שכן האָט אלעמאָל געוויצלט זיך, אז זיי זיינען ניט קיין דאָקטוירים, נאָר פאַר־טאַטשעס... רק זיי אנטדעקן עפּעס פריש אלעמאָל. דערווייל איז די שטוב מיינע געוואָרן פולער מיט פאַרשיידענע רעצעפּטן, מיט אלע סאָרטן רפואות, מיט פלעשער און סלאָיען, מיט זאַלבן, פּילן, איינשפּריצונגען. מיין שטוב איז פאַרוואנדלט געוואָרן אין א לאַבאָראַטאָריע...

און אזוי ווי איך בין שוין געווען אונטער דער מעדיצינישער אויפזיכט, בין איך אריינגעפאַלן אין די הענט פון א דענטיסט. צום דענטיסט בין איך שוין אזוי אָפּט ניט געקומען, אים האָב איך זעלטענער געוואָלט זען. דער דענטיסט איז געווען א שטיקל אכזר, ער האָט זיך ניט געפירט ווי די דאָקטוי־רים, וואָס האָבן מיר געהייסן עפענען דאָס מויל צו ווייזן זיי די צונג. דער דענטיסט האָט מיך אויך געהייסן עפענען דאָס מויל, אָבער איידער איך האָב געוואָלט ווייזן די צונג, האָט ער מיר אָפּגעטאָן אויף טערקיש, און ארויס־געכאַפּט מיר א צאָן. אזוי יעדעס מאָל, ווען איך בין צו אים געקומען. האָב איך אויף אים געוואָרפן אן אומחן, און ניט געקומען צו אים אָפט. ס'איז געווען דערפאַר, ווייל מיט איטלעכן וויזיט צום דענטיסט, איז מיר געוואָרן גערוימער אין מויל, נאָר אזוי ווי קיין געלט האָט מיר ניט געקאָסט, האָב איך פון צייט צו צייט אריינגעכאפּט זיך צום דענטיסט...

עס האָט זיך אזוי געפירט א צייט, א לאַנגע צייט, ביז... ביז איך בין אויף אן אמת קראַנק געוואָרן, געבליבן אָן כוחות און אָן אַ צאָן אין מויל. דאָס האָב איך פאַרדאַנקען מיין סאָסייטי מיט אירע אומזיסטע דאָקטוירים... היינט נייטיק איך זיך, אָן א געלעכטער, אין א דאָקטער, אין א לייטישן דאָקטער, ניט קיין בענעפיט־דאָקטער, און אפשר גאָר אין א ספּעציאַליסט, א פּראָפעסאָר, א מומחה, וואָס זאָל מיך צוריק געזונט מאַכן.

# אויף האָלידיי

אָפּט כאַפּ איך זיך אראָפּ אין דערבן אָפּצוריכטן גלות־האָלידיי. ס׳איז מיר דערבן צום הארצן. איך לייג זיך ביינאַכט אין יאָהאַנעסבורג אריין און באַן און שטיי אויף צומאָרגנס אין דער צוויבערדיקער שטאָט — דערבן.

איך פּאַק אויס מיין באַגאַזש, כאַפּ מיין באָד־קאָסטיום מיט די זון־גלעזער, און היידאָ צום ים, צו דער פּליאַזשע. די דערבענער פּליאַזשע איז כמעט אלעמאָל אין פולן ברען. נאַקעטע און האַלב־נאַקעטע יידן און יידענעס, ווייבלעך, מיידלעך און קינדער, ראַיען דאָ ארום ווי די מוראַשקעס. די זון ברענט, ווי די דערבענער זון קאָן. די דערבענער זון איז ניט קיין שלעכטע, זי ברענט גוט און לאָזט טיפע סמנים אויף לייבער...

עס האָט מיר די זון אויף דער דערבענער פּליאַזשע געגעבן א ביסל א בראָט, האָט עס מיך געוואָרפן אין קדחת דריי טעג מיט דריי נעכט. די האָטעל־אייגנטימער האָבן שפּעטער צוגעשטעלט אַן עקסטראַ חשבון פאַר קרענקען, באשר איך האָב אויך גענוצט בייטאָג דאָס בעט...

איך האָב נאָך גוט אָפּגעשניטן. מיינער א באַקענטער יונגערמאַן פון יאָהאַנעסבורג, האָט נאָך גערהאָט ערגער פון מיר: ער איז נעבעך שטאַרק אָפּ־געברענט געוואָרן און די היץ האָט אים שיער ניט פאַרשרפעט: בעת ער האָט זיך באַקענט מיט אַ דערבענער מיידל.

א חוץ וואָס די דערבענער זון ברענט און יונגע מענטשן „ברענען״, ברענען אויך די פּרייזן דאָ סכנות־נפשות, און אז מען זאָגט עפּעס א וואָרט, א חסרון אויפן האָטעל אָדער אויפן „באָרדינג־הויז״, ווו מען שטייט איין, ברענט דער אייגנטימער ווי א פייער, אז דער פייער־בריגאַדע וועט גאָרניט לייכט אָנקומען יענעם אָפּצולעשן...

פון דעסטוועגן קילט מען זיך אָפּ דאָ אויך. דאָס אָפּקילן זיך איז פאַר־שיידן: איינער קילט זיך אָפּ, ווען ער באַקומט דעם אויפגעשרויפטן חשבון פון האָטעל, א צווייטער — ווען ער באקומט א בריוו פונעם ווייב, א דריטער — ווען דאָס ווייב קומט אומגעריכט צופאָרן...

א יונגערמאַן אין האָטעל האָט געברענט א וועלט, און ווער ווייסט אויב יענער וואָלט חלילה ניט פאַרשרפעט געוואָרן, ווען ער באַקומט ניט א בריוול

פון זיין ווייב, וואָס האָט אים שטאַרק אָפּגעקילט... דאָס ווייב האָט אים געשריבן, ניט מער און ניט ווייניקער, אז אויב ער קומט ניט אַהיים אויף שבת, קומט זי אויף שבת צו אים אין דערבן...

ניט געקוקט אויף די גרויסע היצן אין דערבן, זיינען דאָ פאַראַן פיל קאַלטע יידישע נפשות. דאָס זיינען אזעלכע יידן, אז מען קומט צו זיי נאָך צדקה, פארקויפן א יידיש בוך, אָדער בעטן ביי זיי א גמילות־חסד, ווייזן זיי ארויס א שטאַרקע קרירה...

פון דעסטוועגן איז דערבן א פיינע שטאָט. אמת טאָקע, אז איר ים איז שטורמיש, געזאַלצן און די זון ברענט פייער, אָבער דאָס, שמועסט מען, איז א רמז אויף די האָטעלניקעס דאָ: אויך זיי זיינען שטורמיש, ברענען, און זייערע פרייזן זיינען ניט נאָר געזאַלצן, נאָר אויך געפעפערט...

דאָך לוינט זיך פאָרן אין דערבן, מען פאָרט ניט אַהין אומזיסט (אַ באַן־בילעט קאָסט קאַרגע 10 פונט), מען ברענגט פון דערבן אַהיים בראַנד־בלאָזן, געשווירן, ביסן פון שאַרקס, אַן אויסגעלינקטן פוס אָדער האַנט אלס רעזולטאַט פון די דערבענער ים־כוואַליעס. איך, אז איך פאָר אין דערבן, ברענג איך מיר אהיים א צעטל פון נעמען פון יידן, וואָס זאָגן מיר צו, אים ירצה השם, אי־בעראַיאָר קויפן פון מיר א בוך.

און אז איך דערלעב איבער א יאָר און איך פאָר ווידער אין דערבן, חזרט זיך איבער די זעלבע פראָצעדור, די זעלבע סדרה, ווי איר ווייסט שוין — און איך פאָר אהיים א גליקלעכער מיט א פרישן צעטל יידישע נעמען פון אלע ארבע פנות המדינה אַפריקע, מיט פרישע צוזאָגן פון יידן צו קויפן פון מיר ביכער — און איך וואַרט מיט אומגעדולד אויף איבעראַיאָר און ווידער פאָרן אין דערבן אויף האָלידיי און ווידער זאַמלען יידישע אַדרעסן — אויף צו פאַר־קויפן אַ יידיש בוך...

# אין מיוזנבערג

אַ באַקענטער האָט מיך צוגערעדט, כ׳זאָל מיט אים מיטפאָרן אין מיוזנ־בערג. ער פאָרט מיט זיין קאַר, אַ קרייזלער, וועט ער מיך מיטנעמען, קיין געלט וועט ער פון מיר ניט פארלאַנגען פארן פאָרן. ס׳איז אים ממש געגאַנגען אין לעבן, אז כ׳זאָל מיטפאָרן, כדי אָנצוקוקן דאָס וואונדערבאַרע אָרט, דעם וואונ־דערבארן ים, די פּליאַזשע, געניסן פון דער מיוזנבערגער לופט, וואָס האָט טויזנטער טעמים, וואָס איז אַ שטיק גן־עדן און דערהאַלט טויזנטער און טויזנ־טער אַפריקאַנער יידן ביים לעבן.

ס׳איז דאָך זומער, הייסער זומער מיט אונדזערע אַפריקאַנער היצן, דערצו נאָך — דער סעזאָן, ווען אַלע לויפן פון די שטיקנדע שטעט, בפרט נאָך פון יאָהאַנעסבורג, וואָס איז באַגליקט צו האָבן די גאָלדענע זאַמדיקע פּיראַמידעס פון די גאָלד־מינען, וואָס מאַכן נאָך שטיקנדיקער די לופט. חוץ דעם, האָט שוין לאַנג, לאַנג גענאָגט און געצויגן מיך, געצויגן מיך מיט יענער צויבער־קראַפט, וואָס ציט יאָר־יערלעך די טויזנטער יידן, וואָס ריכטן דאָרטן אָפּ זייער גלות־וואַקאַציע, אינעם שויס פון יענער הערלעכער נאַטור — אין כרך מיוזענבערג.

האָב איך לייכט געלאָזט איינריידן זיך, כ׳האָב איינגעפּאַקט מיין טשע־מאָדאַן מיט די נייטיקע זאַכן און צדה־לדרך. קרוב צוויי טעג זיינען מיר גע־פאָרן, אָנגעהאָצקעט זיך גוט אויף די וועגן און אראָפּגעשלונגען אַ היבש ביסל שטויב מיט שטיקנדער לופט. ס׳איז דאָך עפּעס אַ מהלך פון אַ טויזנט מייל צו יענעם גליקלעכן אָרט, צו דעם וואונדער־לעגענדאַרישן מיוזנבערג. — און מיט מזל זיינען מיר דאָרט אָנגעקומען.

מיר זיינען צוגעפאָרן צו אַ האָטעל, וווּ מיין פריינד האָט געהאַט זיין באַשטעלטן צימער. אַ צימער גרויס ווי אַ גענעץ, דאָרטן האָבן זיך געפונען דריי בעטן מיט אַן אויסגעריבענער סאָפע. די בעטן אַלע זיינען געווען פאַר־נומען, די אויסגעריבענע סאָפע האָט געוואַרט אויף מיין פריינד... פאַר מיר איז דאָרטן ניט געווען קיין אָרט. מיין פריינד האָט זיך משתדל געווען ביים בעל הבית, אז יענער זאָל מיר געבן אַן אָרט צום נעכטיקן.

דער בעל הבית, א קליין ידעלע מיט א הויכן מענה־לשון, האָט גלייך אָפּגעזאָגט: — נישטאָ קיין פּלאַץ! נאָר באַלד האָט ער געביטן דעם טאָן, פּאַרט א יידיש האַרץ, האָט ער רחמנות באַקומען אויף מיר און געזאָגט, אז ער וועט זען, וואָס ער קאָן טאָן פאַר מיר... ער האָט מיר איינגערוימט אין אויער, אז ער האָט פאַר מיר א פּלאַץ מיט נאָך 4 יידן אין א צימער... ער מוז אָבער פריער ריידן מיט יענע, אויב זיי וועלן באַשטיין, ווייל דאָס צימער האָט ער פאַרדונגען נאָר צו צוויי, און ווינען, וווינען שוין דאָרטן 4, קאָן ער ניט זיין גראָב און אָן זייער וויסן מיך אַהין אריינשטופּן...

צום אומגליק האָבן יענע ניט באַשטאַנען. האָט דער בעל הבית, פּאַרט א גוטער ייד, דערווייל מיך געלייגט שלאָפן אין קיך... ביינאַכט נוצט ער דאָך ניט די קיך, איז שוין אלץ געווען גוט. פאַרטאָג האָב איך געמוזט ארויס פון דאָרטן. דער טומל, די קלאַפּעריי פון געשיר, דער רויך, דאָס האַקן און בראָקן, האָט מיך שיער ניט משוגע געמאַכט...

אין דערפרי בין איך אוועק צו א צווייטן האָטעל זוכן אָן אָרט, האָט מען מיר געוויזן א גאַראַזש, דאָ קאָן איך זיין... מען האָט אריינגעשטעלט א טישל מיט א שטול און פאַרזיכערט, אז ס׳וועט מיר קיין זאַך ניט פעלן... כ׳האָב דערפילט א ביטערן טעם אויפן האַרצן און מיט ווייטאָג געפרעגט דעם בעל הבית: — וואָס איז מכוח א בעט צום שלאָפן? — האָט מיר יענער געענטפערט, אז קיין בעט דאַרף איך ניט, ביינאַכט שטעלט מען דאָ אריין די אויטאָס, וועט מיר ניט פעלן קיין אָרט צום שלאָפן, כ׳וועל איבערנעכטיקן אין א קאַר...

דערהערט דאָס, בין איך אַוועק און געלאָזט זיך זוכן אַן אנדערן האָטעל. דעם אמת געזאָגט האָב איך געפונען פיל האָטעלן, אָבער א שטיקל מקום פאַר זיך אויף א רפואה ניט. אלע האָטעלן זיינען געווען אָנגעשפּיגעוועט, ס׳האָט זיך באַקומען דער איינדרוק, ווי די גאַנצע וועלט, די גאַנצע מענטשהייט פונעם ערד־קוגל, האָט זיך אריינגעשטופּט אין ק״ק מיוזענבערג און אָקופּירט די האָטעלן ביז איבער די ברעגעס.

א מידער האָב איך זיך ארומגעשלעפּט מיטן טשעמאָדאַן, די היץ האָט מיך געפּייניקט, די פיס האָבן געבראָכן, אומעטום האָט מען מיך אָפּגעזאָגט, אָדער אָנגעוויזן אויף פּלעצער, איינגעפאַלענע צעבראָכענע שטיבלעך, הינער־שטייגן, גאַראַזשן, דערצו נאָך ניט אינגאַנצן פאַר מיר אליין: שותפים האָט מען מיר צוגעטיילט צו די פּאַלאַצן...

אין איין האָטעל האָב איך געהאַט מזל, מען האָט מיך אריינגערופן און געהייסן וואַרטן... עס האָט געהאַלטן ביים אָפּליידיקן זיך אַן אָרט. מען האָט מיר געוויזן א צימער, וווּ עס זיינען געשטאַנען 4 בעטן, איינס צום אנדערן

נאָענט. אין איין בעט איז געלעגן אן עלטערער ייד, א גוסס... די איבעריקע בעטן זיינען געווען ליידיקע. דאָ, האָט דער אייגנטימער מיר געזאָגט, וועט ער, אפשר, האָבן פאר מיר אן אָרט. ער האָט מיך געהייסן וואַרטן...

כ׳האָב זיך דערפרייט און פאַרזיכטיק געפרעגט, צוליב וואָס כ׳דאַרף וואַרטן: עס שטייען דאָך 3 בעטן ליידיקע, מער ווי איין בעט דאַרף איך ניט, די נאַכט פאַלט דאָך צו. האָט מיר אָבער דער אייגנטימער דערקלערט, אז די דריי בעטן זיינען פאַרדונגען צו דריי יידן, איין ייד האָט נאָך מיט זיך א ייִנגל שוין נאָענט צו בר־מצווה... זיי וועלן באַלד קומען. נאָר דאָס פערטע בעט, ווו עס איז געלעגן דער חולה, האָט מיך פאַרזיכערט דער בעל־הבית, האָב איך שאַנסן צו באַקומען, דער ייד האַלט שמאָל...

כ׳בין אוועק פון דאָרטן אַן אונטערגעשאָסענער און געלאָזט זיך לויפן צו אַן אַנדערן האָטעל. בינו לבינו האָב איך אָנגעטראָפן א האָטעל, האָט ער מיט זיך פאַרגעשטעלט א מושב־זקנים מיט אַלע פּיטשעווקעס... דאָ האָב איך געהאַפּט, וועל איך געפינען א שטיקל מקום־מקלט, אַן אָרט ווו אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם און אָפּרוען די ביינער. דער טומל איז דאָ געווען גרויס, דער בעל־הבית האָט גאָרניט געהאַט קיין צייט מיט מיר ריידן, ער האָט מיך איבערגעגעבן אין זיין ווייבס הענט...

יענע האָט מיך מיט א קוויטשל א רוף געטאָן, מיך אריינגעפירט אין א פינצטערן קאָרידאָר, דאָרט אויפגעמאַכט א טיר און מיך אריינגעפירט אין א באָדע־צימער... מיר איז אָפּגענומען געוואָרן דאָס לשון, כ׳בין געבליבן געפּלעפט. די בעל הבית׳טע, א כיטרע יידענע, האָט דערקענט מיין פאַרלעגנ־הייט און אומצופרידנקייט, האָט זי געזאָגט: — אויב איך געפעלט ניט, איז ניט, כ׳וועל איך נאָך געבן א שיינעם דאַנק!...

כ׳האָב געפּרוווט עפּעס זאָגן, האָט מיר יענע אָפּגעהאַקט: ס׳איז אומ־זיסט מיין באַלעמוטשען, ס׳וואַרטן נאָך מענטשן, וואָס זי דאַרף באַזאָרגן מיט נאַכט־לעגערס, — און זי האָט ניט מער, ווי דאָס איינציקע אָרט. די אַנדערע באָדע־צימערן זיינען שוין פאַרדונגען...

פאַרשטייט זיך, אז איך האָב קיין אנדער ברירה ניט געהאַט און איינגע־שטימט. מען האָט מיר אויסגעבעט א געלעגער אין דער וואַנע. ס׳איז געווען א פּראַכטפולער געלעגער. נאָך דריי נעכט ניט שלאָפן בין איך דאָרט געלעגן ווי א קייסער. קיין עלעקטרישע ליכט איז דאָרט ניט געווען, די בעל הבית׳טע האָט מיר פאַרזיכערט, אז עס איז פיל געזינטער שלאָפן אין דער פינצטער...

איך בין געלעגן אין דער וואַנע ווי א גראַף. נאָך די פיל צרות וואָס כ׳האָב געהאַט ביז כ׳האָב געקראָגן אן אָרט צום שלאָפן, האָב איך גוט אָפּגע־




שאַצט די אויסגעבעטע וואַנע, און וועלכער איך האָב זיך געפונען. איך בין גיך איינגעשלאָפן און געחלומט פונעם ציכטיקן בעט, וואָס פּוסטעוועט אין מיין היים און פון לופטיקן געראַמען צימער, וואָס איז ווייט, ווייט אוועק, אַן ערך טויזנט מייל.

אין מיטן רעכטן שלאָף, פאַרטאָג, האָב איך דערפילט דעם טעם פון ים... דערפילט דאָס פּראַכטפולע מיוזנבערג... אפילו אינעם האָטעל, אינעם ניט באַקוועמען אָרט מיינעם, אינעם באָדע־צימער, אין שלאָף אין דער וואַנע, האָט אַ קאָלאָסאַלע ווירקונג באַקומען דער מיוזנבערגער ים. איר לויטער וואַסער,

איר ריח, איר פליסיקייט — וואָס פאר א גוואַלדיקע קראַפט מיוזנבערגער גן־עדן האָט...

איך האָב זיס געחלומט, ס׳האָט מיך פאַרכאַפּט די שיינע פּאַנאָראַמע פונעם פראַכטפולן לעגענדאַרישן מיוזנבערג: איר גלאַטער ים מיט אירע שטילע כוואַליעס האָבן מיך, ווי אין א קינדער־וויג געוויגט, געוויגט הין און צוריק, געהויבן מיך. איך האָב אָנגעהייבן אָטעמען מיט דער ים־פרישקייט, מיט דער פייכטקייט און בין ארומגענומען געוואָרן פונעם ים־צויבער... פּלוצלינג האָב איך גענומען שווימען, שווימען ווי א פיש... אָבער אין מיטן שווימען איז אַן אומגליק געשען...

איך האָב זיך אויפגעכאַפּט — אַן אומגליק! עמעצער האָט געלאָזט לויפן די וואַסער־קראַנען, עס האָט געפּליוכעט, — און איך האָב געשווומען אין וואַנע, טאַקע אויף אַן אמת געשווומען... כ׳בין געווען אַן אויסגעווייקטער הערינג, כ׳בין קוים ארויס פון וואַנע. כ׳האָב נאָך געהאַט גליק וואָס קאַלטע וואַסער איז גערונען. ווען חלילה עס וואָלט געווען הייסע וואַסער, וואָלט איך קיין לעבעדיקער שוין ניט ארויס... כ׳האָב גיך אָנגעטאָן זיך, איינגעפּאַקט די נאַסע נאַכט־קליידער און א שפיי געטאָן אויפן מיוזנבערגער גן־עדן און אַוועק צום באַן...

# אָנגעלערנט אַ האָטעל־אַייגנטימער

איך בין איינגעשטאַנען אין אַ ייִדישן האָטעל אויף אַ זומער־וווינונג. דער האָטעל איז ניט געווען פון די ערשטקלאַסיקע האָטעלן, אָבער די פּרייזן דאָרט זיינען געווען הויכע, אפשר העכער, ווי אין די ערשטקלאַסיקע האָטעלן. מען האָט דאָרט געריסן אַ פּאָלע...

ניט געקוקט דערויף, איז דער האָטעל געווען געפּאַקט, ווי אַ שטייג מיט גענדז. די גוואַלדן און טומל פון גרויס און קליין האָבן ממש געלעכערט די מוחות.

זיצט אַמאָל נעבן מיין טיש אַ ייִד און באַקלאָגט זיך, אַז ער פאַרטראָגט ניט דעם האָטעל, פאַרטראָגט ניט דעם טומל, די מאכלים, ספּעציעל פאַרטראָגט ער ניט דעם בעל־הבית, וואָס שטייט כסדר און קוקט אויף אים ביים עסן. ס'איז מיט נסים, אַז ער ווערגט זיך ניט מיטן ביסן...

האָב איך אויסגעהערט דעם ייִד און געשוויגן. כ'האָב געהאַלטן זיך ביי דער אָנגענומענער עטיקעט, אַז עס איז ניט שיין באַריידן, און געטראַכט האָב איך, אַז דער ייִד האָט פולשטענדיקע רעכט, ווייל אויך איך האָב דאָס זעלבע געפילט, נאָר איך האָב געשוויגן, ווייל כ'האָב קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט...

צומאָרגנס קומט דער ייִד צו צו מיין טיש און קלאָגט זיך ווידער. ווער איך נאָכגיביקער, פאַרפיר לייכט אַ שמועס און פרעג אים:

— איר זייט שוין לאַנג דאָ?

— אַ קאַרגע וואָך, — ענטפערט דער ייִד.

— נו, זייט איר דאָך שוין באַלד איבערגעקומען, ניט כדאי קלאָגן זיך!

— וואָס הייסט באַלד איבערגעקומען?! כ'האָב נאָך צו זיין דאָ איבער דריי וואָכן, כ'בין געקומען דאָ אויף אַ חודש!

— אַזוי, אויף אַ חודש, — זאָג איך תמ'וואַטע, — ס'וועט אַוועק! — און אין האַרצן באַדויער איך דעם ייִד.

— אוודאי וועט אַוועק, — זיפצט דער ייִד, — אָבער מיינע קינדער, ווי ליידן דאָך פיל!

— וואָס, איר האָט דאָ קינדער?

— צווײ קינדער, זאָלן געזונט זײן! זײ לײדן, נעבעך, מען גיט זײ עסן קדחת מיט כשרן פאָדעם... אָבער געלט שינדט מען. אז כ׳בעט פאַר זײ א גלאָז מילך, מוז איך צאָלן עקסטרא. כ׳הער נאָר עקסטרא און עקסטרא! כ׳האָב געבעטן דעם בעל־הבית, אז ער זאָל מיך ארויסלאָזן פון דאַנען, אז עס איז ניט דאָ אַ האָטעל, נאָר א דול־הויז, מען קאָן דאָ לײכט משוגע װערן פון טומל און עסן קריגט מען א קרענק, ס׳איז ניט פאַר מיר און מײנע קינדער. אָבער ער װיל ניט הערן, כ׳מוז דאָ זײן און לײדן!

—שרעקלעך, — האָב איך א זאָג געטאָן, — כ׳מײן, אז ער קאָן אײך ניט צווינגען צו זײן, װען איר װילט גײן, ער קאָן אײך ניט האלטן מיט גוואַלד!

—כ׳האָב שוין פּרובירט גײן, האָט מיר דער אײגנטימער געזאָגט, אז כ׳קאָן גײן געזונטערהײט, נאָר איך זאָל אים באַצאָלן פאַר דער גאַנצער צײט, װאָס איז רעזערווירט פאַר מיר און מײנע קינדער, געהערט א העזה?!

צומאָרגנס זעצט זיך נעבן מײן טיש אװעק דער זעלבער ייד א שװײגנ־דיקער. רעדט ניט אויס א װאָרט, עסט און שװײגט, שװײגט און עסט. גאָר־ניט דער זעלבער ייד. פּרוביר איך איבעררײסן זײן שװײגן און פרעג זיך:

— װאָס הערט זיך, װאָס מאַכט איר? איר קוקט אויס הײנט אומעטיק?

— װאָס זאָל איך זײן פרײלעך, — האָט דער ייד גענומען רײדן הויך, אז אנדערע זאָלן הערן, — כ׳בין ארײנגעפאַלן אינעם אמתן האָטעל, כ׳װעל האָבן צו געדענקען! מײנע קינדער ליגן דאָך אין די בעטן טויט־קראַנקע! כ׳װײס נאָך ניט, װאָס זײ איז. צי זײ האָבן בויך־טיפוס אָדער מאָזלען!...

אָפּגעזאָגט די װערטער, האָט דער ייד אװעקגעװאָרפן דאָס עסן און אװעק פון טיש. עפּעס א פרוי האָט אים פאַרהאַלטן, גערעדט מיט אים, און א קניפּ געטאָן זיך אין די באַקן און גײך ארויס פון עס־צימער.

באַלד האָט א יונג װײבל מיך געפרעגט, צי ס׳איז אמת, װאָס דער ייד האָט געזאָגט װעגן זײנע קינדער. איך האָב געזאָגט דאָס, װאָס דער ייד האָט מיר געזאָגט. יענע האָט עס גלײך איבערגעגעבן צו אנדערע װײבער, און די אנדערע װײבער האָבן די נײעס צעטראָגן װײטער.

קורץ, ס׳האָט אויסגעבראָכן א װיסטע מהומה אין האָטעל, דער עולם האָט זיך גענומען פּאַקן, מען האָט געכאַפּט די קינדער מיט האַק און פּאַק און אװעק פון האָטעל. מיט א טאָג שפּעטער האָט שוין דער האָטעל באַקומען אן אנדער פּנים, ס׳איז געװאָרן שטילער, װײניקער טומל. די װײבער מיט די קינדער זײנען פאַרשװוּנדן, בלויז עלטערע יידענעס מיט א קאַרגן מנין יידן זײנען געבליבן. אויך דער ייד מיט די קראַנקע קינדער איז פאַרשװוּנדן. עס איז אינעם האָטעל געװען שטיל, װי אויף א בית־עולם.

דאָס ביסל מענטשן אין האָטעל האָבן ערשט אויפגעלעבט, די געענדער־טע שטימונג איז געווען א גרויס געווינס אויך פאר מיר און מיינע אָפּגעשוואכטע נערוון. בלויז אויפן בעל־הבית איז געווען א רחמנות צו קוקן. ער האָט שרעקלעך אויסגעקוקט, געווען שטאַרק נערוועאיש און זעלטן געווען אין האָטעל.

איינמאָל, אין א שיינעם זוניקן טאָג, זיץ איך און ברען זיך אויף דער פּליאזשע, דערזע איך פּלוצלינג ארויסקומען פון ים, ניט קיין אנדערן, ווי מיין באַקענטן ייד, דער וואָס האָט געגעסן ביי מיין טיש אין האָטעל, דער ייד פון די צוויי קראַנקע קינדער. אויפן ערשטן מאָמענט האָב איך געמיינט, אז כ׳מאַך א טעות, אָבער ווען איך האָב געזען, אז עס איז טאַקע יענער ייד, האָב איך אים אָפּגעהאַלטן און מיט חידוש געפרעגט:

— איר זייט נאָך א היגער, וואָס מאַכן די קינדער אייערע?

— וואָס זאָלן זיי מאַכן, — האָט ער געזאָגט, — זיי זיינען, אָן עין הרע, אַלרייט! אָט, באָדן זיי זיך! — האָט ער מיר אָנגעוויזן אויף זיי...

— באָדן זיך, — האָב איך גענומען שטאַמלען, — איז ניט שעדלעך פאר זיי? וואָס זאָגט דער דאָקטער? — האָב איך אלץ געפרעגט א פאר־חידושטער.

— ניט געפרעגט קיין דאָקטער, זיי זיינען געזונט, ווי די ניס!

— און זייער בויך־טיפוס, די מאָזלען? — האָב איך געפרעגט פאר־חידושט.

— זיי האָבן ניט געהאַט קיין בויך־טיפוס, ניט קיין מאָזלען חלילה, דאָס איז נאָר געווען א מיטל אויף פּטור צו ווערן פונעם פּינצטערן האָטעל מיטן ביטערן אייגנטימער. ער האָט מיך ניט געוואָלט ארויסלאָזן, האָב איך צוגע־טראַכט די מעשה, אז די קינדער זיינען קראַנק און דאָס האָט געווירקט. ער האָט מיר נאָך געוואָלט צוצאָלן, אז כ׳זאָל מיט די קינדער אַוועק פון זיין האָטעל, כ׳פּיר אים איבער די פרנסה, מען צעלויפט זיך פון האָטעל, כ׳זאָל רחמנות האָבן אויף אים! ער איז אויך א טאַטע פון קינדער, ער וועט געבן וועד ווייסט וואָס, אַבי איך זאָל גיין. כ׳האָב באַלד געקראָגן א גוטן און מענטש־לעכן האָטעל, איך און מיינע קינדער האָבן אויפגעלעבט.

איך האָט געקוקט אויפן ייד, וואָס האָט געשטראַלט ווי די זון, פון זיין קלוגער המצאה, און זיך געטראַכט: גאַרנישט קיין נאַרישער ייד!

# ער האָט אַפּעטיט...

ביי מיין טיש, אין אַ מיוזנבערגער האָטעל, איז געזעסן אַ פעסט־געבוי־טער ייד, וואָס האָט ניט אויפגעהערט ריידן און עסן, האָבנדיק דעם אמתן אַפּעטיט אי צו רייד און אי צו דער אכילה. דער בעל־הבית פון האָטעל האָט שוין אין דעם ייד קיין ריוח ניט געמאַכט.

אַלץ וואָס מען האָט אַרויפגעשטעלט אויפן טיש, האָט דער ייד אויסגע־לײדיקט. ער האָט דאָס געמאַכט גיך, געשווינד, געוועזן אויף דעם אַ פּאַכמאַן: די פּוטער, דאָס ברויט, די פּרוכטן, די סאַלאַטן, קעז, מאַרמעלאַדע, די ביסקוויטן, אַלץ, אַלץ האָט יענער אויפגעגעסן נאָך איידער אַנדערע האָבן עס אָנגעקוקט...

דער ייד איז ניט געווען קיין איבערקלייבער אין הלכות אכילה. אַלץ האָט ער באַפוילן דעם „וועיטער" ברענגען און פון אַלץ האָט ער פאַרזוכט. ער האָט זיך ניט געפוילט באַשטעלן אַ צווייטן, אַ דריטן מאָל, פון יעדער פּאַטראָווע...

ער האָט באַשטעלט ברוינע ברויט, שוואַרצע ברויט, ווייסע ברויט, חלה, ער האָט פון אַלע מינים ברויט טועם געווען.

האָט מען דערלאַנגט צום טיש פיש, האָט דער ייד באַפוילן מיטאַמאָל אים ברענגען אַלע מינים פיש, כדי ניט מטריח זיין דעם „וועיטער". מען האָט אים געבראַכט געקאָכטע, געבאַקענע, געפילטע און געפּרעגלטע פיש.

אַז עס איז געקומען צו זופּ, האָט דער ייד פאַרלאַנגט אַ טאָפּעלע פּאָרציע. האָט ער באַמערקט, אַז איך עס „ביטרוט־זופּ", האָט ער שוין פאַראָרדענט אים ברענגען „ביטרוט־זופּ". האָט ער אָבער באַמערקט, אַז אַ צווייטער עסט הי־נערשע יויך, האָט ער פאַרלאַנגט הינערשע יויך. ווען עמעצער ביים טיש האָט געגעסן בלינצעס־זופּ, האָט דער ייד ניט גערוט, ביז מען האָט אים געמוזט ברענגען אַ טעלער בלינצעס־זופּ. נאָכן אויפעסן די בלינצעס־זופּ, האָט זיך דער ייד באַקלערט און אַ רוף געטאָן:

„הע, „וועיטער" ברינג מי בעטער אַ פּלעיט אָף טשיקן סופּ!"

און באַלד האָט דער ייד געזופּט די הינערשע יויך, ער האָט מיט די ליפּן געזופּט אָנמאַכנדיק אַ טומל, ווי דאָס גערויש פון ים. ער האָט געווישט זיין שטערן און מיט שוים אויף זיינע ליפּן צו מיר זיך אָפּגערופן:

„הם, איר דארפט ניט קוקן אויף מיר, וואָס איך עס ווייניק... איר דאַרפט ניט נעמען קיין „נאָטיס״ פון מיר. איר פארשטייט, מיין דאָקטער האָט מיר פארזאָגט ניט עסן א סך, כ׳מוז רעדוצירן געוויכט, כ׳בין אויף א „דייעט״. נו, מוז מען זיין געהיט, ניט כאַפּן אן איבעריקן ביסן!״

מען האָט דערלאַנגט פלייש, געבראָטענע הון מיט געפּרעגלטע קאַרטאָפּל און מערן. דער ייד האָט אויך געהייסן זיך געבן געבראָטענע הון מיט גע־פּרעגלטע קאַרטאָפּל און מערן.

דערווייל האָט ער באמערקט, אז אנדערע עסן ווינער־שניצל און אינדיק. האָט דער ייד תיכף געאָרדערט פאר אים ברענגען א ווינער־שניצל און אינדיק. דער ייד האָט געגעסן גיך, ווי ס׳וואָלט אים ווער געיאָגט און, דערווייל, צו מיר זיך אָפּגערופן:

„אז מען איז אויף האָלידיי, דאַרף מען זיין געהיט מיטן עסן, מען טאָר ניט איבערכאַפּן די מאָס, בפרט נאָך, אז א דאָקטער זאָגט אָן וואָס ווינציקער עסן, איז טאַקע ניט גוט! ס׳איז נאָך גוט, וואָס איך האָב ניט קיין גרויסן אַפּעטיט! אָבער איר, איר דאַרפט ניט קוקן אויף מיר. איר קאָנט אייך עסן, וואָס אייער הארץ גלוסט, איר דארפט דאָך ניט פארלירן קיין וואָג!

איך האָב פארלאָרן דעם אפּעטיט פון עסן, זעענדיק ווי דער ייד שלינגט די גרויסע פּאָרציעס פון יעדער פּאָטראַווע.

פלוצלינג האָט יענער צו מיר זיך אָפּגערופן:

— וואָס זיצט איר און דוכנט, פארוואָס הייסט איר ניט ברענגען אייך נאָך א ווינער־שניצל, נאָך א שטיקל אינדיק?! פארזוכט עס אָקערשט, ס׳האָט דאָך טויזנט טעמים. טעם גן־עדן איז עס! איר באַדאַרפט ניט קוקן אויף מיר, איר ווייסט דאָך שוין, אז איך מוז רעדוצירן געוויכט. אָבער איר, איר מעגט דאָך עסן. ווייל צי איר עסט צי איר עסט ניט, צאָלט איר אלצאיינס. איר מיינט, אז איר וועט עסן ווינציקער, וועט אייך קאָסטן ביליגער. דעריבער זייט ניט געניאַרט, עסט! איר דארפט ניט קוקן אויף מיר, איר ווייסט דאָך שוין, אז איך טאָר ניט!

נאָך א קליינער הפסקה האָט דער ייד פאַרגעזעצט:

— יאָ, איך מוז זיך היטן, אָט, פאַראיאָרן בין איך אהיים געקומען פון מיוזענבערג, האָט מיר דער דאָקטער גלייך פאראָרדענט ארונטערצוואַרפן 65 פונט וואָג. ס׳איז אים ניט געפעלן געוועזן מיין אָטעמען. נו, מוז איך דאָס מאָל אויפפּאַסן זיך, ניט עסן פיל!

דאָך האָט דער ייד אויפסניי באַפוילן דעם „וועיטער״ ברענגען א פּאָר־ציע הון און אינדיק מיט „ראָוסט פּאָטייטיס״ און „פּודינג״...

# די היימישע דאַטשע

אַ קאַרגע הונדערט מייל פון יאָהאַנעסבורג, אין דער הייסער טראַנסוואַל־געגנט, געפינט זיך אַ קור־אָרט, אַ דאַטשע־פּלאַץ מיט נאַטירלעכע מינעראַל־קוואַלן, ווו ליידנדע אויף רעוומאַטיזם פאָרן דאָרט עטלעכע מאָל אין יאָר. דער עיקר פאָרט מען אהינצו אין די ווינטער־חדשים, ווען די היץ איז דאָרט ניט אַזוי גרויס, ווייל זומער איז דאָרטן פאַרברענט צו ווערן. אָבער אויך זומער, אין די גרויסע היצן, פאָרט מען דאָרט. עס פאָרן אַהין יידן, עס פאָרן קריסטן, עס פאָרן אַלע, ווער עס האָט חשק, ווער עס האָט מזומנים, און ווער עס האָט אַ קרענק...

דאָס שטעטל, דער דאַטשע־רעסאָרט, לעבט און האַלט זיך אויס צום גרעסטן טייל, צוליב דעם וואָס איז באַגליקט געוואָרן מיט די נאַטירלעכע מינעראַל־קוואַלן. אַ דאַנק אירע מינעראַלן קומען צו פאָרן מענטשן, וואָס האָפן פּטור ווערן פון זייער רעוומאַטיזם און אַנדערע חולאת׳ן. לויפט מען אַהין אויף אַ טאָג, אויף צוויי טעג, אויף אַ וואָך, אויף אַ חודש, ווי ווען מען עס דערלויבן די אומשטענדן און עס דערמיגלעכן די קעשענעס.

דאָס שטעטל מיט די הייסע שפּרודלדיקע מינעראַלן האָט זיך דערווייל אַרויפגעאַרבעט אויף אַ ביסל יידישע משפחות, כן ירבו. האָט אויפגעבויט אַ פיינע שוהל צו דאַווענען, ווו עס פעלט אַלעמאָל אויס אַ מנין, און געפינט זיך אין שכנות מיט גויאישע הייזער, האָט שוין אַן אייגענעם רב, אַ שוחט מיט הכול בכול מכל כל, נאָר קיין יידישער בית־עולם איז דאָרטן ניטאָ. אויב אַ יידן פאַרגלוסט זיך שטאַרבן, מוז ער זיך מטריח זיין ערגעץ אַנדערש, ניט דאָרטן. מען שטאַרבט ניט דאָרט, ס׳איז דאָך עפּעס אַ קור־אָרט, עס קאָן מאַכן אַ שלעכטע רעקלאַמע...

די הויפּט־גאַס פונעם שטעטל פאַרמעגט צוויי אַלייען מיט פאַלמען־ביימער פאַרפּוצט, און אויף יענער גאַס טאַקע שטייען אויסגעשטעלט, ווי אויף אַן אויסשטעלונג, אַלע האָטעלן, די יידישע מיט די קריסטלעכע, די כשרע מיט די טריפע. אז מען פאַלט אַריין אין שטעטל, ווייסט מען ניט, ווו מאַכן דעם אויסוואַל, אין וועלכן האָטעל גיין. אַלע האָטעלן זאָגן אייך צו מנוחה און רו, גאַסטפריינדלעכקייט און סאָלידע באַהאַנדלונג.




אין די כשרע האָטעלן דערפילט מען גלייך. נאָך אײדער מען טרעט אריבער די שוועלן, אז דאָס זיינען יידישע גאָסט־הייזער. דער טומל פון די ווייבער, קינדער און מענער שפּאַלטן די הימלען און די מוחות, אָבער דערפאַר עכט־יידישלעך אַלאַ אַפריקאַנער יידישן מנהג מיטן ענגליש־ליטוויש־יידישן דיאַלעקט און אינטאָנאַציע.

עס איז אינטערעסאַנט און מערקווערדיק די אחדות, וואָס הערשט ביי די יידישע און כשרע האָטעל־אייגנטימער — א דיסציפּלינירטע אחדות! די פּרייזן זייערע זיינען כשרע — און קיין שאלות דארף מען ניט פרעגן...

אין די כשרע האָטעלן הענגען צעטלען, ענגלישע, פאַרשטייט זיך (וואָס דען יידיש וועלן אַפריקאַנער יידן שרייבן?!...), וואָס זאָגן: „ניט דערלויבט רויכערן אום שבת“. האָט א לץ בלויז אויסגעשטראָכן דאָס וואָרט „ניט“ — און

עס האָט זיך געלייענט: „דערלויבט רויכערן אום שבת". — און יענער האָט זיך טאַקע פאַררויכערט א פּאַפּיראָסל... אז דער יידישער בעל־הבית האָט דאָס דערזען, האָט ער געמאַכט א ויצעקו און געשריען: „מען טאָר ניט, מען טאָר ניט, די „בלעדי סאַן" (בלוטיקע זון) איז נאָך ניט פאַרגאַנגען!...

אין די יידישע האָטעלן געפינען זיך אָפט די כלי־קודש־יידן: רבנים, חזנים, שוחטים, רעוורענדס און אנדערע. אָפט שטייען ארום זיי יידן און בעטן זיך: „ר' חזן, גיט עפּעס א טענעלע, א זינגעלע, א שטיקעלע חזנות!" און ביי אנדערע צאַפּלט זיך דאָס האַרץ, טאָמער וועט דער חזן מהנה זיין דעם עולם...

זיינען אָבער דאָ די חזנים ניט קיין נאַראָנים, זיי זיינען געקומען זיך אָפּרוען און ניט געבן קיין חזנות, זיי זיינען געקומען דערהוילן זיך און צוגרייטן זייער קול־נגינה פאַר די אָנקומענדיקע יום־טובים. שווייגן זיי, דעריבער, די חזנים — פאַר זיי איז שווייגן — א גרויס געווינס, ווי אין פּסוק שטייט: אויב רייד איז זילבער, איז דאָך שווייגן — גאָלד...

זיינען דאָך אָבער דאָ יידן קאָנקורענטן, יידן אַמאַטאָרן וואָס פאַרגינען ניט יענעם א ביסל מנוחה, און וואָס רייסן זיך, בייסן זיך, שניידן זיך און איילן זיך פאַר חזנות, וואָס גייט זיי אויס דאָס חיות, אז מען זאָל הערן זייער חזנות, וואָס א גאַנץ יאָר רייסן זיי זיך צום עמוד, און ווערן, נעבעך, ניט צוגעלאָזט... נוצן זיי דאָ אויס די געלעגנהייט און אומגעבעטענערהייט הייבן זיי טענער, דערלאַנגען חזנות, טראַלאַלאַלייעווען, אז מען כאַפּט האַק און פּאַק און מען לויפט אריבער צו א צווייטן כשרן האָטעל. און אז מען קומט אריין אין צווייטן כשרן האָטעל, זעט מען, אז עס איז נאָך ערגער. דאָ זינגט א „יונגעטשקע" יידענע, אינגאַנצן אפשר א יאָר זעכציק אלט. אָבער זי זינגט ניט, נאָר זי קוויטשעט, פּונקט ווי עמעצער וואָלט איר געצוואונגען...

איז שוין אמאָל בעסער ווען אונדזערע יידן נעמען זיך צו די אנדערע „קאָנצערטן", צו די קאָרטן. דאָן זיינען זיי אזוי ערנסט, שטיל, ווי להבדיל דאָס יידישע קולטור־לעבן ביי אונדז... זיצן יענע מיט פאַרביסענע ליפּן, נאָר ערגער ווי אין א שבעה־טאָג... מען הערט נאָר די שורשעריי פון קאָרטן־מישן און דעם קלאַנג פון די מטבעות. דאָן איז א פאַרגעניגן אין די יידישע האָטעלן, מען קאָן כאָטש אָפּכאַפּן דעם אָטעם אינעם פאַרשטיקטן ענגן שלאָף־חדר, ווען די מיטשלאָפער זיינען דערווייל עוסק אין הלכות־קאָרטן.

עס איז באַוואונדערן די אחדות אין די כשרע האָטעלן אין שייכות מיט די פּרייזן. עס וועט אייך קיין איין יידישער האָטעל דאָ רעכענען ביליגער, אויב ניט טייערער. דערפאַר אָבער קומט שוין פאַר א שטיקל קאָנקורענץ אין שייכות מיט דער באַהאַנדלונג. אויב, למשל, אין איין יידישן האָטעל לייגט מען שלאָפן דריי אין איין צימער, קומט א צווייטער יידישער האָטעל־אייגנ־

טימער און לייגט פינף אין איין צימער, קומט ווידער א דריטער ידישער האָטעל־אייגנטימער און באַוויזט, אז ער איז א גרעסערער קאָנקורענט — און לייגט גאַנצע זיבן אין איין צימער... איך בין איינמאָל אריין זען אין א האָטעל־צימער וויפיל פערזאָנען שלאָפן דאָרט, און ווען איך בין דאָרט צו צום ערשטן און בעסטן צימער און אָנגעקלאַפּט, האָט א הייזעריקע שטימע ארויסגעשריען: „אָם־סאָרי, שוין פול! איר וועט מוזן וואַרטן ביז איינער וועט ארויסגיין!...״

איצט ווידער, אז איין יידישער האָטעל איז מכבד זיינע געסט מיט מאָסקיטאָס און פליגן, קומט דער צווייטער יידישער האָטעל און קאָנקורירט און גיט אייך צו צו די פליגן מיט די מאָסקיטאָס, נאָך א מתנה — מוראַשקעס מיט משה־רבינוס פערדלעך. קומט א דריטער האָטעל און גיט אייך צו דעם אלעם גראַטיס — בינען, האָט איר שוין צו לעקן און שמעקן...

מיטן עסן איז כמעט די זעלבע פּראָצעדור. למשל, אז איין יידישער האָטעל גיט אייך ניט עסן קיין הון, מחמת זי ווייזט אייך אָן, אז עס איז אויסגעבראָכן א מגפה אויף די הינער... און זי זאָרגט דאָך פאר אייער געזונט, קומט א צווייטער יידישער האָטעל און ווייזט אייך אָן, אז די קאַטשקעס מיט די אינדיקעס האָבן זיך אויך אָנגעשטעקט מיט דער עפּידעמיע, אז א מגפה איז א מגפה! זי וועט ניט גיין און איבערפירן יידישע מאַגנס און געבן צו עסן נבלות, מאַכט מען א מילכיקן מאַלצייט, זויער־מילך מיט בולבעס. קומט א דריטער האָטעל און גיט עסן — קדחת מיט כשרן פּאַדעם...

אָבער ניט אלץ איז די אכילה, מען קומט דאָך דאָ ניט צוליב עסן, מען קומט דאָך דאָ קורירן זיך, צוליב די בלאָטע־בעדער, הייסע־בעדער, קאַלטע־בעדער — און אמאָל, זייט מוחל, שמוציקע בעדער... דער עיקר העיקרים זיינען דאָך די מינעראַלן, די קוואַלן וואָס העלפן טאַקע פיל, שוין פיל האָטעל־אייגנטימער דאָ זיינען דורך זיי געהאָלפן געוואָרן... די מינעראַלן מיט די קוואַלן האָבן זיי געשטעלט אויף די פיס. זיי האָבן אוועקגעמאַכט קורח׳ס אוצרות, אָבער אויף דאַטשע פאָרן זיי ערגעץ אנדערש...

שוין אפשר צען מאָל אָדער מער, אז איך בין געווען אויף דעם דאַטשע־אָרט און איטלעך מאָל כאַפּ איך אָפּ דעם אָטעם, ווען איך קום אהיים... אָבער גישקשה, איר מעגט זיך אויך צוכאַפּן דאָרטן, עס איז ווערט, עס איז אונדזער היימישע אפריקאַנער דאַטשע...

# אַ "וואָק"

דורכגיין זיך, נעמען אַ „וואָק", איז כּידוע זייער גוט אין אַלע הינזיכטן. ס'איז גוט פאַרן געזונט, פאַרן קערפּער, פאַרן אַפּעטיט, פאַרן שלאָף און פאַר נאָך און נאָך זאַכן. דורכגייק זיך, נעמען אַ „וואָק" איז אַ רפואה צו אַ סך מכות, ברענגט גוטע רעזולטאַטן.

עס וואָלט געווונטשן געווען פון אַ טייל מאָטאָר־מענטשן, אינהאַבער פון אויטאָס, אַז די אויטאָס זאָלן פון זיי צוגענומען ווערן, בכדי זיי צו שטעלן אויף די פיס... זאָלן זיי האָבן די מיגלעכקייט זיך דורכצוגיין, נעמען אַ „וואָק" אַ ביסל, ס'וועט זיין געזינטער הן פאַר זייער גופא און הן פאַר אַנדערע...

עס וואָלט באַדאַרפט זיין אַזאַ לאָזונג — „מענטשן, נעמט אַ „וואָק"! גייט זיך דורך, מאַכט אַ שפּאַציר!..."

למשל, ווען איינער פּאַקט פּלוצלינג זיין ווייבס געליבטן אין הויז, אַנ־שטאָט אים אַרונטערצוּוואַרפן פון פינפטן שטאָק, זאָל ער צו אים איידל אַ זאָג טאָן:

— מיסטער לעבן, נעמט אַ „וואָק"! גייט זיך דורך!

אַז אַ בחור קומט אַריין אין אַ הויז יאָרנלאַנג, און רק ער דערקלערט זיך אין ליבע, איז שטערבלעך פאַרליבט אין דער מיידל, נאָר ווען מען טוט יענעם, בינו לבינו, אַ פרעג, וואָס ס'הערט זיך מכּוח אַ תּנאָים, אַ חתונה, און יענער ציט מיט די אַקסלען, ווייסט ניט וואָס צו זאָגן, ענטפערט בוידעם און פּאַליצע. איז געווונטשן יענעם געבן אָנצוהערן, אַז עס וועט זיין געזינטער, אַז ער וועט נעמען אַ „וואָק"...

ווען אַ בעל־חוב קומט מאָנען, דאַרף מען זיך ניט קרעמפּירן, ניט שעמען זיך און זאָגן יענעם, אַז ער זאָל קומען „נעקסט־טאַים", און „נעקסט־טאַים" זאָגט מען יענעם, אַז ער זאָל זיך ניט פוילן און קומען נאָכאַמאָל; ס'וועט חלילה גאָרניט שאַדן אים, אַז ער וועט זיך דורכשפּאַצירן, ס'איז געזונט!...

כּלל־טוער אַזעלכע וואָס כאַפּן זיך אַרויף אויפן בענקל, וואָס איז זיי ניט אָפּצורייסן, איז שטאַרק געווונטשן זיי זאָלן זיך דורכגיין, נעמען אַ „וואָק"...

פּאָליטיקער, ספּאַדיק־דרייער, פירער און פאַרפירער, אַזעלכע וואָס שפּייזן דעם עולם־גולם מיט פאַלשע הבטחות, מיט צוזאָגן „דאָס טעלערל פון

הימל", און בעת מעשה זיינען זיי נאָר אויסן דעם אייגענעם איך, אזעלכע פאַר־שוינען זיינען דורכויס שעדלעך, ניט געוואונטשן, זיי מוזן נעמען א „וואָק".

יידישע באַזאָרגער און פארזאָרגער וואָס טומלען, אז זיי גיבן אוועק דאָס לעבן פארן כלל — און ווייזן ווייזט זיך ארויס דאָס פארקערטע: זיי נעמען לעבן פונעם כלל. אזעלכע מוזן זיך דורכגיין, נעמען א „וואָק", ס'וועט זיין פאר זיי געזינטער...

און ווען דיפלאָמאַטן, פאָליטיקער זעצן זיך אַוועק און נעמען ארומריידן ווי צו פארזיכערן דעם וועלט־שלום, ווי אויסצומיידן מלחמות, דאן מוז מען זיין געוואָרנט, אז די לאַגע איז גאָרניט קיין פריילעכע. עס וואָלט גאָר בעסער גע־ווען, ווען יענע זאָלן אויפגעבן זייער וועלט־פארזאָרגונג, די וועלט וועט שוין אליין איר וועלטל באַשטיין, זאָלן יענע בעסער צורו לאָזן און נעמען א „וואָק"...

ווען מען קומט אויף א ליטעראַרישער לעקציע בעת דער פרעלעגענט גייט אראָפּ פון דער ליניע, זיין רעדע קלעפּט זיך ווי אַרבעס צום וואַנט... מישט קליאַטשע מיט זויערמילך, איז געוואונטשן צו בעטן יענעם רעדנער זיך דורכצוגיין... אויב יענער איז א ייד אַן עקשן און הערט אייך ניט, איז גע־זינטער פאר זיך צו מאַכן א „וואָק"...

דאָס זעלבע איז אויך חל וועגן פאָרשטעלונגען און קאָנצערטן פאר ווויל־טעטיקע צוועקן. אויב די פּראָגראַם איז ניט קיין צוגעגלעכע, ניט צום הארצן, נודיעט און איבלט, איז געוואונטשן ניט פארלירן קיין צייט און זיך דורכגיין...

אז די ווייב זעצט זיך צו, וויל געלט אויף קליידער, האָלידייס און נאָך אזעלכע ווייבערשע זאַכן. אויב יענע גיט ניט אויף אירע פאַרלאַנגען, פייניקט און מאַטערט אייך, איז פאַראַן דער איינציקער אויסוועג, זיך ניט נעמען צום הארצן, נאָר נעמען א „וואָק".

דורכגיין זיך, נעמען א „וואָק" איז זייער געזונט. ס'איז א ראַדיקאַל מיטל צו פיל אַנשיקענישן און פורעניותן, עס העלפט ארויס אין די שווערסטע צייטן. אדרבה, פּרובירט עס, און איר וועט זיך איבערצייגן, גייט זיך דורך, איר וועט זיין דאַנקבאַר...

איך וואָלט נאָך פיל ווייטער געקאָנט ציען אָט די טעמע, נאָך פיל פּאַ־ראַגראַפן און שטעלן ברעגנען אין שייכות מיטן „וואָק", וואָס פאר א באדייטונג און נוצן עס ברענגט, וואָס פּאַרא קאָלאָסאַלע ווירקונג ער האָט, האָב איך אָבער מורא, אז דער לייענער וועט ווערן צופיל פאַרמאַטערט דערפון — און מיך אויך עצהנען, איך זאָל נעמען א „וואָק"...

# דעם פּראָפעסאָרס פילאָסאָפיע

אַ געשאַנק — פאַר ב. אָ ר נ ש ט יי ן.

אין א שיינעם טאָג האָט זיך באקומען א ידיעה, אז פּראָפעסאָר מאָריס סמאָלקאָפּ קומט קיין דרום־אפריקע און וועט דעם ערשטן עפנטלעכן אויפטריט האָבן אין יאָהאַנעסבורג, ווו ער וועט ריידן וועגן דער פילאָסאָפיע פון בוכפירונג.

ווער פּראָפעסאָר מאָריס סמאָלקאָפּ איז האָט קיינער ניט געוווּסט, מען האָט נאָר געוווּסט אז ער קומט פון מרחקים. אנדערע האָבן געצויגן מיט די אַקסלען וועגן זיין באזוך און טעמע, און אנדערע האָבן מיט אומגעדולד אויס־געקוקט די שעה, ווען דער פּראָפעסאָר וועט האָבן זיין רעפעראַט.

ווען פּראָפעסאָר מאָריס סמאָלקאָפּ האָט זיך באוויזן אויף דער טריבונע איז ער פארן עולם געשטאַנען אין א דיפּלאָמאַטישער פּאָזע. ער איז געווען אָנגעטאָן אין א טונקעלן אָנצוג און האָט געטראָגן א פּאָר בינאָקלען.

דער רעדנער האָט גענומען אַנטוויקלען זיין טעמע, פון וועלכער די צו־הערער האָבן דערשנאַפּט נאָר עיקרדיקע געדאַנקען.

פּראָפעסאָר סמאָלקאָפּ האָט אויפגעקלערט ווי נייטווענדיק איז פארן מענטשן די קונסט און שטודיע פון דער דאָפּלטער בוכפירונג, באטאָנענדיק, אז בוכפירונג איז פאר דער מענטשהייט זייער וויכטיק, ווייל יעדער נאָרמאַלער בר־נש דארף וויסן די אָ באַדייטונג און שטודירן די פילאָסאָפיע פון בוכפירונג, פונקט ווי ער דארף זיך אליין קאָנען און פארשטיין. א מענטשנס לעבן אָן בוכפירונג איז פינצטער און ניט אינטערעסאַנט.

זיינע דעפיניציעס זיינען געווען: א געזונטער געדאַנק אין א געזונטן קערפער, אָבער אָן דער פּראַקטישער און טעאָרעטישער קענטעניש פון דער דאָפּלטער בוכפירונג, קאָן ניט זיין קיין געזונטער קערפער, און ממילא אויך ניט קיין געזונטער געדאַנק, און אָן געזונט און אָן געדאנקען איז בכלל ניט מיגלעך צו פירן די דאָפּלטע בוכהאַלטעריע . . .

די פילאָסאָפיע פון בוכפירונג מוז ארייַנדרינגען אין יעדער היים, אין יעדן גוף, אין יעדן מוח. עס איז ניט די פראַגע, אז נאָר יחידים דארפן זיך באַ־קענען מיט אָט דער שטודיע, דאָס איז א וויסנשאַפט וואָס מוז אויפגענומען ווערן פון די ברייטע מאסן, עס איז פונקט ווי שפּייז, לופט, ליכט, לעבן . . .

שיין וואָלט אויסזען א מענטשנס לעבן אָן לופט, אָן ליכט, אָן שפּייז,

דאָס וואָלט באַטייט אַן עקסיסטענץ אָן לעבן. דעריבער איז די שטודיע און פילאָסאָפיע פון בוכפירונג א נייטוועגדיקע, א נאַטירלעכע פאַר דער מענטשהייט, ווייל דאָס לעבן איז אָן דעם ניט אינטערעסאַנט, ניט געזונט און האָט ניט די ווערט פון א שמעק־טאַבאַק...

פראָפעסאָר סמאָלקאָפּ האָט דאַן געגומען אָנווייזן א גאַנצע ריי סיבות וועגן דער נייטוועגדיקייט און געזעץ פון בוכפירונג הן אין פּריוואַטן לעבן, הן אין געזעלשאַפטלעכן והן אינעם פּאָליטישן לעבן. ס'איז די גרעסטע געפאַר און סכנה, צו לעבן אָן דער גרינטלעכער שטודיע פון דער דאָפּלטער בוכפירונג.

דער רעדנער האָט זיך צעהיצט און געגומען נוצן א שטאַרקע איבערציי־גונג־קראַפט, כדי באַאיינפלוסן, סוגעסטירן דעם עולם, און געגומען שרעקן, אַז די וועלט איז פינצטער, די מענטשהייט איז פאַרפירעריש און זעט ניט די געפאַר, וואָס לויערט אויף איר: עס קאָן אומגעריכט קומען א טאָג, וואָס זאָל האָב און גוטס, די שעפערישקייט פון דער מענטשהייט מאַכן חרוב ונחרב. אָבער כדי דאָס זאָל אויסגעמידן ווערן, מוזן מענטשן אָפּגעבן זיך א דין וחשבון, מאַכן א סך־הכל — און ווי מאַכט מען עס א חשבון, א סך־הכל, ווען מען איז ניט באַהאַוונט און ניט בקי אין דער נייטיקער וויסנשאַפט — די פילאָסאָפיע פון בוכפירונג?

ביי די דאָזיקע ווערטער האָט פראָפעסאָר סמאָלקאָפּ דערגרייכט זיין קליי־מאַקס און האָט פאַרן פאַרזאַמלטן עולם דערקלערט, אַז ער אַרבעט פיל יאָרן איבער א גרויסער שטודיע, איבער א וויכטיקער אַרבעט וועגן דער באַדייטונג און פילאָסאָפיע פון דער דאָפּלטער בוכפירונג. ער האָט א סך, א סך צייט און כוחות דערפאַר אוועקגעגעבן, דאָס איז א וויכטיקע וויסנשאַפט, וועלכע האָט אויפגערודערט די וועלט. די אָפּרופן אין דער פּרעסע, וויסנשאַפטלעכע זשור־נאַלן און אין די אוניווערסיטעטן האָבן די דאָזיקע וויסנשאַפט זייער פּאָזיטיוו אָפּגעשאַצט. אַזאַ וויסנשאַפט איז א נייטוועגדיקייט און כבוד פאַר יעדן אינטע־ליגענטן און באַוווסטזיניקן בר־דעת. איך וועל דאָ טאַקע, ביי דער געלעגנהייט מאַכן אָן אָפּיל צום פאַרזאַמלטן עולם, צו דער חשובער אוידיטאָריע, זי זאָל זיך פאַרפליכטן איינצושאַפן אַן עקזעמפּליאַר פון דעם א וויסנשאַפטלעכן, פילאָסאָפישן, העכסט־באַלערנדיקן און וויכטיקן בוך. די פּרייז איז א צוגענג־לעכע, — — —

דער עולם אין זאַל האָט געגומען אַרויסשאַרן זיך, עס האָט געגומען ווערן שיטערער און שיטערער. דער לעקטאָר, פראָפעסאָר סמאָלקאָפּ, האָט נאָך גע־האַלטן אין רימען זיין ווערק, באַנוצט זיך מיט פילאָסאָפישע טענות. אָבער ווען ער האָט זיך אַרומגעזען, איז דער זאַל געווען א פּוסטער: דער עולם איז אַוועק און געלאָזט דעם פראָפעסאָר ריידן וועגן דער פילאָסאָפיע פון בוכפירונג...

# רק מען וואַרט...

נעמט און זעצט זיך אַקערשט אַוועק און באַרעכנט וויפיל צייט א מענטש פאַרלירט מיטן וואַרטן. עס איז אַנגענומען אין דער וועלט, אז די גרעסטע צייט פאַרלירט א מענטש אין לעבן — מיטן שלאָף. דאַכט זיך, אז דער באַ־הויפּט איז ניט קיין ריכטיקער. די גרעסטע צייט פאַרלירט א מענטש אין לעבן, צוליב דער אַנשיקעניש, וואָס רופט זיך: וואַרטן!

אדרבא, נעמט א בלייפעדער און באַרעכנט, וועט איר זען וואָס פאַר א קאַלאָסאַלע צייט דער מענטש פאַרלירט, טאָג־טעגלעך מיט דעם, וואָס רק — עס קומט אים אויס וואַרטן.

איידער דער מענטש ווערט געבאָרן, פאַרלירט ער שוין 9 חדשים — ער וואַרט ביז ער דערזעט די זינדיקע וועלט...

ווען ער דערוואַרט זיך, מיט מזל, אויף זען די וועלט, הייבט זיך ערשט אָן פאַר אים די ריכטיקע צייט פון וואַרטן.

דאָס קליינע מענטשל וואַרט, ער זאָל ווערן גרעסער און ווערן א מענטש, אָבער ביז ער ווערט א מענטש, דארף ער בינו לבינו, זייער לאַנג וואַרטן — און גאָר אָפט גרייכט ער קיינמאָל ניט צו א מענטשלעכער מדרגה.

ווען מען איז שוין כלומרשט א מענטש, קוקט מען זיך ערשט ארום און מען זעט, וויפיל מען פטרט און פאַרטאַכלעוועט צייט מיט דער וואַרטעניש.

דאָס גאַנצע לעבן גייט אוועק אין וואַרטן:

ביים לערנען, שטודירן, לערנען זיך א מלאכה, ביים טאָן א שידוך, הגם ס'איז געזינטער און געווינטשענער אָפּוואַרטן, הויפּטזאַכלעך, אין א שידוך־ענין. רק מען וואַרט.

מען באַמערקט גאָרניט, ווי עס גייען אוועק יאָרן און יאָרן — מיט וואַרטן. מען וואַרט אויף גוטע טעג... לינקע אידעאַליסטן וואַרטן אויף דער סאָציאַלער אָרדענונג, אויף רעוואָלוציעס. פרומע יידן וואַרטן אויף ישועות־נחמות, אויף משיח'ן. אלע וואַרטן, און די צייט טוט זיך אירס, זי גייט מיט איר גאַנג...

מענטשן וואַרטן א גאַנצן לעבן אויף א ביסעלע גליק, אויף א קליינעם דערפאָלג, רייכקייט, פאַמיליע־גליק, נחת פון קינדער. די צייט לויפט, פליט און דער אָרעמער מענטש — וואַרט.

אז מען זאָל אלץ געגוי בארעכענען, וויפיל א מענטש פארלירט צייט מיטן וואַרטן, וועלן די ציפערן זיין קאָלאָסאַלע.

היינט וויפיל צייט פאַרלירט יעדער דורכשניטלעכער מענטש, טאָג־טעגלעך, מיטן וואַרטן אויף א טראַמוויי, אויף א באַן, אויף פריינד, אויף א גמילות־חסד, אויף א גוט וואָרט, פרנסה, געזונט און נאָך און נאָך?

אויף אָט דעם אלעם פאַרלירט דער מענטש די גרעסטע צייט אין לעבן, וואַרט יאָרן און יאָרן, פטרט אזוי דאָס לעבן מיט וואַרטן!

מענטשן פארלירן פיל צייט, וואַרטנדיק אין די רייען צו באקומען שפייז, סאָציאלע הילף. אנדערע וואַרטן אין די רייען נאָך א טעאַטער־בילעט. מענטשן פאַרלירן אויך צייט ביים „באַרבער“, וואַרטנדיק פארן „נעקסט“...

לאָמיר דאָ, ביי דער געלעגנהייט, דערמאָנען דאָס וואַרטן פון א מאַן, ווען זיין פרוי הייבט זיך אָן אָנטאָן. וויפיל צייט עס שלינגט איין דאָס דאָזיקע וואַרטן. און וויפיל צייט וואַרט די פרוי ביז דער מאַן קערט זיך צוריק פון „ספּעציעלע זיצונגען“...

אין א יידישן טעאַטער אָדער ביי א יידישער פאַרלעזונג, וואָס דאַרף זיך אָנהייבן פּינקטלעך אַכט אזייגער, וויפיל פּערטל שעהן, האַלבע און גאַנצע, וואַרט מען נאָך דער באַשטימטער צייט? און אז א גביר האַלט ביים שטאַרבן, די יורשים קוקן אויס די מינוט דערויף, וויפיל טעג און יאָרן וואַרטן זיי אויפן גליקלעכן טאָג...

בעת איינער נעמט א גמילות־חסד אויף א טאָג, וויפיל טעג דאַרף מען וואַרטן ביז מען דערזעט דאָס געלט צוריק. ווען עס קומט אָן אומגעבעטענער גאַסט וואָס נודיעט, וויפיל אומגעדולדיקע מינוטן וואַרט מען, אז יענער זאָל שוין אוועקגיין...

הכלל, ס׳איז דאָס וואַרטן די גרעסטע פּלאָג אינעם מענטשנס לעבן, עס נעמט אוועק דעם גרעסטן טייל פונעם לעבן. יאָ, מען וואַרט, מען פאַרלירט פיל צייט און מען דערוואַרט זיך גאָרניט, רק מען וואַרט.

און אויך מיין ווייניקייט וואַרט, וואַרט א סך יאָרן, פאַרלירט צייט פיל מיטן וואַרטן.

דער אויספיר איז, אז דער מענטש פאַרלירט אין זיין לעבן די גרעסטע צייט מיטן וואַרטן. מען דאַרף קיין גרויסער מאַטעמאַטיקער ניט זיין אויף צו זען דעם טרויעריקן בילאַנס פון וואַרטן.

# שלום־בית

אין ערגעץ שטייט ניט געשריבן, אז מען מוז זיין א בר־מזל אויף האָבן שלום־בית. אז מען איז קלוג און מען האָט שכל, ווי מאַן און ווייב זאָלן צווישן זיך אָנגיין, איז שוין דאָ די גאַראַנטיע און אויסבליק פארן שלום־בית.

צוערשט איז שטאַרק וויכטיק צום דערפאָלג פון שלום־בית, אז מאַן און ווייב זאָלן זען אויסמיידן מחלוקות, שטעך־ווערטער און קללות — דאָס איז ניט געזונט און אונטערברעכט דעם שלום־בית. במקום שטעך־ווערטער און קללות איז שטאַרק געווונטשן, אז מאַן און ווייב זאָלן קעגנזייטיק זיך זאָגן קאָמפּלימענטן, בלאָפן איינער דעם אנדערן און קושן זיך אין די פּיסקעלעך.

עס זיינען טאָקע פאראן קלוגע מענטשן, וואָס פארשטייען, ווי אזוי זיכערן זייער גליק און זייער לעבן, ווי אויפצוהאלטן שלום־בית. עס קאָסט זיי ניט קיין עקסטרא געלט און אלץ איז גוט און ווויל.

די פרוי איז פון די ערשטע, וואָס קאָן אויפהאַלטן רו און צופרידנקייט אין איר היים. ווען יענע איז קלוג, געפינט זי שוין דעם וועג ווי מאַכן גליקלעך איר מאַן און זיך גופא. זי דארף, פארשטייט זיך, האנדלען מיט שכל און טאַקט — און דער עיקר זאָגן קאָמפּלימענטן...

קאָמפּלימענטן זאָגן זיינען אלעמאָל, אין אלע צייטן, געווען וויכטיק. קאָמפּלימענטן זיינען ווי גוטע רפואות, הייל־מיטלען פאר דער מענטשהייט בפרט אינעם פאמיליע־לעבן. דאָס איז א שליסל צו שלום־בית...

דאָס מיינט אָבער ניט, אז נאָר די פרוי מוז זאָגן קאָמפּלימענטן איר מאַן. אויך דער מאַן, אז ער וויל האָבן א שטילע און רואיקע אידילישע היים, דאַרף אויך זאָגן א קאָמפּלימענט, עס קאָן דאָס גאָרניט שאַדן...

ווען דער מאַן קומט אהיים פון זיין באשעפטיקונג, דארף ער באלד, ביים אריבערטרעטן די שוועל, האָבן א גוטע שטימונג. ער מוז ווערן א מין אַקטיאָר... ניט געקוקט דערויף, וואָס אים דריקט און שטיקט פון א גאַנצן טאָג גריזאָטע און פארדרוסן, וואָס ער איז אויסגעשטאַנען ביי דער ארבעט, מוז ער אומבא־דינגט ענדערן זיין טאָן: דאָס ווייב דארף ניט וויסן פון זיינע פארדרוסן, עס איז ניט געזונט פאר איר... א קלוגער מאַן באגעגנט די ווייב מיט צערט־לעכקייטן, פארבאהאלט זיין ווייטאָג און זאָגט, אז ער איז גליקלעך...

ביים טיש, ווען די פרוי גיט מאַלצייט עסן, וואָס איז האָלב־רוי אָדער האַלב־קויל, וואָס האָט א טעם חלשות און יעדער ביסן שטיקט און איבלט, — זאָגט א קלוגער מאַן:

— טייערע, דיין עסן האָט טויזנט טעמים, עס איז היינט געשמאַקער ווי אלעמאָל. דו ביסט אַן עקספּערט אויף קאָכן!...

אז דאָס ווייב פּוצט זיך, פּודערט און שמירט זיך — מאַכט פון זיך א געמאָלענע ליאַלקע, קוקט אויס ביליג, רייסט די אויגן מיט איר געשמאַקלאָזן אויסזען, עס איז א בושה מיט איר זיך צו ווייזן פאַר מענטשן, זאָגט א קלוגער מאַן מיט א זיס־שטימעלע:

— טייערע, קוקסט היינט אויס פיל שענער און עלעגאַנטער, ווי איך האָב דיך צום ערשטן מאָל געזען! דו האָסט געשמאַק, פאַרשטייסט און ווייסט ווי זיך פיין קליידן און פּוצן...

ווען מען גייט צו געסט, וויזט א קלוגער מאַן ארויס גרויסע העפלעכ־קייט צו זיין פרוי, באַדינט און רעספּעקטירט איר אַן א סוף. ווען די פרוי זיינע רעדט פיל נאַרישקייטן, פּלוידערט אַן א סוף און אַן א ציל, זאָגט ער, דער מאַן אירער, אז זי רעדט אויסגעהאַלטן, טאַקטיש. איטלעך וואָרט פאַרשאַפט אים א שטיק געזונט...

דאָס זעלבע איז אויך מיט א קלוגער און ראַפינירטער פרוי, וואָס האָט אין זינען איר פאַמיליע־גליק, ווייסט זי ווי אָנצוגיין מיט איר מאַן. זי זשאַלע־וועט ניט קיין קאָמפּלימענטן, ליפערט זיי אויפן פוד, לויבט איר מאַן, מאַכט פון אים א מלאך, א פּרינץ...

אָבער די ווירקלעכקייט איז, אז אזעלכע גליקלעכע און צופרידענע מענטשן איז גאָרניט לייכט צו געפינען. דאַכט זיך, ווען מען זאָל זיי זוכן אויפן גאַנצן ערד־קויל, וועט מען זיי ניט געפינען...

# דעם קבצן איז ביטער

אין דער אַלטער היים, האָט מען געזאָגט, איז אָרעמקייט קיין שאַנדע ניט. דער עיקר איז, אַז מען איז אַן אָרנטלעכער מענטש — און אַז מען האָט נאָך צו דעם אויך אַ ביסל תורה, — רעספּעקטירן יידן.

ווי אנדערש אָבער עס איז אין דער היינטיקער וועלט, צווישן היינטיקע מענטשן, ווען דער גורל האָט געוואָלט, אַז מען זאָל פאַריאָגט ווערן אין די ווייטע מרחקים, אין דער גאָלדענער אַפריקע...

אינעם רייכן לאַנד פון גאָלד און בריליאַנטן איז אַ חרפה צו זיין אָרעם... נישט נאָר איז אָרעמקייט אַ שאַנדע, נאָר אויך אַ ווייטאָג...

אויב דאָס גליק האָט ניט צוגעשפּילט און מען האָט ניט געהאָט די כיט־רעקייט און איבערגעשפּיצטקייט כאַפּן דעם עגל־הזהב ביי די הערנער און מיט געוואַלד אריינשלעפּן צו זיך אין הויז און ווערן אַן אַפריקאַנער אָלרייטניק, אַ גביר, — איז מען דערפאַר פארבליבן אַ שלימזל, אַ טויגעניכטס, אַ גאָרנישט אויפן גאנצן לעבן...

אין אַזאַ רייך־לאַנד, ווי אפריקע איז, וווּ מען טרעט ממש מיט די פיס דעם גאָלדענעם באָדן, איז שטאַרק ניט באַקוועם צו זיין אַ קבצן. אַ חוץ וואָס מען איז אַן אָרעמאַן, וואָס דאָס אַליין איז אַ גרויסע אַפּקומעניש, נעמען נאָך מענטשן אויך יאָדען, אָדער מיידן אייך אויס, ווילן אייך ניט קענען, ניט זען, שעמען זיך מיט אייך, הלמאי איר זייט אַ קבצן. אפילו די נאָענטסטע, אייגענע, פרעמדן זיך אָפּ: עס פּאַסט ניט צו חברן זיך מיט אַ קבצן, ווען מען ס'האָט ניט געדינט די גוטע שעה פון ביזנעס...

אָט, אַ שטייגער, אַ ייד, אַן אָרנטלעכער, וואָס דאָס גליק האָט אריבער־געהיפּט זיין שוועל און ער איז ניט געוואָרן קיין אָלרייטניק, קיין גביר, האָט ניט קיין הייזער און דעפּאַרטאָמענטן, קיין גאָלד און דימענטן, האנדלט ניט מיט קיין „שערס" און שפּילט ניט קיין קאָרטן, איז אין די אויגן פון „אָלרייטניקעס" אַן איבעריקער מענטש....

אפריקאַנער רייכע יידן שעמען זיך מיט אַזאַ מין ייד, וואָס האָט זיך ניט ארויפגעאָרבעט, וואָס האָט ניט קיין הייזער, קיין גאָלד און בריליאַנטן, קיין „שערס" — און שפּילט אויך ניט אין קיין קאָרטן — וואָס פאר אַ ווערט האָט ער?

אָבער מיט א רייכן יידן, אַן ארויפגעארבעטן, איז שוין דאָ וואָס צו ריידן. מען רעדט וויפיל עס האָט די ווערט זיין פאַרמעגן, יענעמס פאַרמעגן. וויפיל הכנסה עס ברענגט אריין, וויפיל מען האָט בדעה צו מאכן, אז עס וועט אוועק אומגעשטערט אזוי, א פאָר הונדערט יאָר... וויפיל דער פארמעגן וועט שטייגן, וואַקסן, טייערער ווערן, וויפיל פראָצענטער עס ברענגט און וועט ברענגען אין אַ יאָר ארום, אין צען יאָר, אין פופציק יאָר...

די גבירישע פאַנטאַזיע צעשפּילט זיך ווייט, ווייט. מען מאַכט דעם חשבון גרויס, פונקט ווי זיי, די גבירים, האָבן געמאַכט אַן אָפּמאַך מיטן רבונו של עולם לעבן לכל הפחות א פינף הונדערט יאָר...

אַן אָרעמער מענטש איז לויט דער גבירישער פסיכאָלאָגיע א באדויער־דיקע באשעפעניש. אלץ וואָס ער טוט, געפעלט זיי ניט, ער ווערט אויסגעלאַכט, ווען ער זאָגט עפּעס, האַלט מען עס פאר א טפשות.

אין דער זעלבער צייט, ווערט דער אָלרייטניק, דער גביר — א געזעל־שאפטלעכער טוער, א קהל־מענטש, א דעה־זאָגער. מען נעמט אים אומעטום אריין, און דאָרט ווו מען נעמט אים ניט אריין, שטופּט ער זיך מיט גוואַלד, מיט כוח. ער זוכט וואָס מער בענקלעך — און ער קריגט זיי, מען טיילט אים כיבודים, ער ווערט אפּוטרופּוס פון קהל׳שע נכסים.

ווען א גביר זאָגט א באַנאַלע נאַרישע חכמה, קוועלט מען אָן, מען חנפעט אים אז ער איז קלוג, א חכם־עתיק, מען רעספעקטירט אים. אָבער ווען דער אָרעמער איידעלער מענטש זאָגט א קלוג וואָרט, לאַכט מען אים אויס, אָדער מען הערט אים להלוטין ניט. אז ער האָט ניט געהאַט די פעאיקייט צו ווערן רייך, איז וואָס איז זיין חכמה, זיין שכל?

אין דער גאָלדענער אַפריקע איז אסור אויב עס איז דאָ וואָס מקנא צו זיין אזא ייד, וואָס האָט ניט געהאַט דאָס מזל צו ווערן אַן אפריקאנער גביר... נישט נאָר האָט ער בזיון, נאָר ממש ווייטאָג און עגמת־נפש...

# „איי עם סאָרי"...

אויף טריט און שריט באַנוצט מען זיך ביי אונדז, אין דער ענגליש־שפּרעכנדער מדינה אפריקע, מיטן דזשענטלמעניש ענגלישן אויסדריק, דעם קלינגנדן און גרילצנדן „איי עם סאָרי". שטענדיק און אומעטום, ביי יעדער געלעגנהייט, זאָגט מען „איי עם סאָרי".

מען קאָן שוין דערפאַר אַפּטאָן אלצדינג, אלע עוולות און שווייַנערייען, עס קומט דאָך דערנאָך די נעבעכדיקע אנטשולדיקונג, די „פאַרגיטיקונג" — דער „איי עם סאָרי"...

אז איר גייט אין גאַס און מען טרעט אייך אָן אויף אייערע הינער־אויגן, מען צעקוועטשט אייך א פוס, מען מאַכט פון אים אַ פלעצל און איר פילט זיך נאָר אוועקצוחלשן, שענקט אייך דערפאַר יענער א מיטגעפיל־פּנים, וואָס איז גאָט די נשמה שולדיק און זאָגט אייך צאַרט: „איי עם סאָרי!"

עס איז שוין אלץ אין בעסטער אָרדענונג, איר קאָנט שוין קיין טענות־מענות, קיין בייז האָרץ אויף יענעם ניט האָבן, און יענער קאָן שוין ווידער וועמען אָנטרעטן אויף די הינער־אויגן, אויף די פיס...

אז איר גייט אָדער שטייט און עמעצער גיט אייך א פּאָר אריין אין א זייט מיטן עלנבויגן, גיט אייך אזא שטאַרקן שטויס, אז עס פאַרגייט אייך ביים האַרצן, און בעת מעשה פאַלט אייער פאַלשער סעט ציינער אייך ארויס פון מויל און ווערט צעשאָטן אויף פּיץ־פּיצלעך. קומט באלד יענער און מיט א נעבעכדיקער מינע זאָגט ער אייך, ווי א צדיק: „איי עם סאָרי".

אויב יענער איז א דזשענטלמאַן און וויל אייך ארויסווייזן געררירטקייט צו אייער אומגליק, העלפט ער אייך צונויפקלייבן די שטיקלעך און ברעקלעך פון אייערע צעבראָכענע ציין...

אז איר גייט, למשל, אין טעאטער אָדער אנדער פּלאַץ און עמעצער טוט אייך א שטויס, אָדער א שטופּ און איר פאַרלירט דערביי אייערע אויגן־גלעזער, איר הויבט קוים אויף די רעמלעך פון זיי, אָדער דאָס אויך ניט, באַקומט איר אָבער דערפאַר די פולע סימפּאַטיע פון דעם, וואָס האָט אייך דעם שאָדן פאַרורזאַכט. ער זאָגט אייך, איידל, א געררירטער: „איי עם סאָרי".

און א שטייגער, אז א בחור פירט זיך ארום מיט א מיידל שיינע יאָרן און פאַרשפּרעכט מיט איר חתונה האָבן, זאָגט איר צו מאַכן גליקלעך, גיין פאַר איר אין פייער און אין וואַסער, אז ער וועט אָן איר גאָרניט קאָנען לעבן אויף דער וועלט, אָבער, אז ער באַגעגנט אַן אַנדער מיידל, א ביסל א שענערע, פאַר־ליבט ער זיך אין איר ביז איבער די אויערן און ער טראָגט זיך אָפּ פון דער פריערדיקער מיידל און זאָגט איר מיט גרויס מיטגעפיל דעם שאַבלאָנעם זאָג — „איי עם סאָרי״...

עס האָט אמאָל איינער איינעם אונטערגעשלאָגן די אויגן, אים ריכטיק מכבד געווען, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אז יענער האָט געמאַכט א טעות, ער האָט גאָרניט געמיינט אים, נאָר אַן אַנדערן וואָס קוקט אויס פּונקט ווי ער. אז ער האָט זיך אַרומגעזען וואָס פאַר א טעות ער האָט געמאַכט, האָט ער א צעשראָקענער זיך אָפּגערופן צו זיין קרבן, אז ער זאָל אים מוחל זיין, עס טוט אים לייד — און האָט געזאָגט „איי עם סאָרי״...

וואָס פאַר א קאָלאָסאַלע ווירקונג „איי עם סאָרי״ האָט!...

עס האָט א זעצער אמאָל אויסגעזעצט א הומאָרעסקע מיינע, איז זי אַרויסגעקומען אזוי צעדרייט, פאַרענדערט טראַגיש־קאָמיש, און אז איך האָב זיך אויפן דרוקער געבייזערט פאַר דער אָפּגעטאָנענער מיאוסער אַרבעט זיינער, פאַרן איבערפירן מיין שאַפונג, האָט דער זעצער זיך אפילו ניט פאַרענטפערט פאַר מיר, נאָר קורץ געזאָגט מיר — „איי עם סאָרי״...

עס האָט אַ קאָלעקטאָר ביי אונדז, אפשר א צוואַנציק מאָל באַזוכט א רייכע יידישע הויז, ווו ער איז געקומען איינמאָנען א באַשטייערונג פאַר א געוויסער יידישער אינסטיטוציע, האָט מען אים געזאָגט ביי יעדנמאָל קומען: „איי עם סאָרי״, קומט אַן אַנדערש מאָל, ניט היינט...

צוליבן „איי עם סאָרי״ האָט שוין יענער קאָלעקטאָר באַלד צעריסן א פּאָר שיך...

און איצט, מיינע ליבע לייענער, אויב מיין אַרטיקל דאָ איז אייך ניט געפעלן געוואָרן, איר האָט זיך נעבעך פון אים געלאַנגווייליקט און גענודיעט, טוט עס מיר טאַקע זייער לייד, כ׳באַדויער עס, און כ׳וועל זיין אויך א דזשענטל־מאַן און אייך זאָגן: „איי עם סאָרי״...

# לוסט־רייזעס

עס איז געוואָרן, רחמנא ליצלן, א מגפה צו פאָרן מעבר לים, צו מאַכן לוסט־רייזעס. מען האָט באַקומען לוסט צו לוסט־רייזעס — און מען פאָרט אָפּט: ס'איז געוואָרן א פאַרנדיקע וועלט.

מען הערט, אז דער פאָרט, יענער פאָרט, פּאַקט זיך אויך צדוק אין וועג אריין — און אויך יאָשע־געמבע איז שוין פיקס און פאַרטיק צו דער רייזע.

א גאַנצע אַטראַקציע, טאַראַראַם און טומל ווערט געמאַכט ארום די, וועלכע פאָרן און ווען זיי קומען צופאָרן. טאָקע צוליב דעם טומל גופא פאָרט מען אין אויסלאַנד. מענטשן האָבן דאָך ליב א טומל, א טאַראַראַם, בפרט, אז אין דעם ליגט פיל פּובליסיטי. אגב קאָסט עס געלט, אָבער ס'איז ווערט...

פאַראַן אַזעלכע, וואָס האָבן שכל ווי אויסצונוצן דאָס פאָרן, דער עיקר, דעם ערב־פאָרן, און שפּעטער דעם צוריקקער. נישקשה, עס זיינען דאָ יידן, וואָס קאָנען זיך דערלייבן פאָרן — און דער עיקר, מאַכן טומל און פּובליסיטי וועגן זייער פאָרן, הגם ס'קאָסט זיי עטלעכע פונט, איז עס אָבער ווערט.

אין דער אמתן פאָרן דאָס רוב יידן אין אויסלאַנד, נאָר צוליב דעם כדי האָבן פּובליסיטי, צוליב כבוד און פּובליסיטי.

פאַראַן אָבער יידן וואָס זיינען אויף דעם געביט גרויסע פּאַרטאַטשעס, ווייסן ניט ווי אויסצונוצן די געלעגנהייט און ווי אַרויסצורופן די אויפמערקזאַמקייט ביי דער עפנטלעכקייט, אז מענטשן זאָלן וויסן, אז זיי פאָרן אין אויסלאַנד. אָבער די יעניקע וואָס האָבן יאָ גרויסע דערפאַרונג אויף דעם געביט, ווייסן ווי לענקען די אויפמערקזאַמקייט פון זייערע באַקאַנטע און פריינד און, היפּטזאַכלעך, פון זייערע קעגנער, זיי זאָלן האָבן עגמת נפש...

קודם כל גיבן זיי אריין אין די צייטונגען זייערע פּאָטאָגראַפיעס, מען שרייבט דאָרטן צו עטלעכע גוטע ווערטער, אז דער און דער באַוווסטער געזעלשאַפטלעכער קולטור־טוער פאָרט אין אויסלאַנד אין א שליחות... ניט וויכטיק אין וואָס פאַר א שליחות יענער פאָרט, מען דאַרף דאָס ניט אָנגעבן — און אויב מען גיט יאָ אָן, קאָן מען אָנגעבן, וואָס מען וויל, ווייל קיינער וועט דאָך ניט רעווידירן.

חוצדעם האָבן זיי שכל אונטערצושטעלן א לאנדסמאן, וואָס זאָל זען באווירקן אנדערע לאנדסלייט, מען זאָל מאכן אן אָפשייד־אָוונט. דאָס איז חלילה ניט קיין כבוד פאר אים, — וויל יענער איינריידן, — ס׳איז גאָר א כבוד פאר די, וואָס אָרדענען איין אזא אָוונט...

אזא ייד דערלאַנגט א פיינע מטבע דער בעל־הבית׳טע פון זיין לאנדס־מאַן, איז שוין יענע צופרידן מאַכן אזא געזעגענונג־פאַרטיע: ערשטנס קאָסט דאָך איר קיין פעני דאָס ניט, און צווייטנס איז דאָס פאַר איר א שטיקל כבוד; מענטשן וועלן קומען, מען וועט עסן און אפילו זויפן — און ווער דארף וויסן, אז דער לאַנדסמאַן האָט פאר דעם אלעם באַצאָלט?...

און אז מען האָט שוין ווער עס זאָל מאַכן אזא אָפשייד־אָוונט, איז מען זיך נוהג איינצולאַדן עטלעכע רעדנער. די דאָזיקע סחורה באקומט מען לייכט, און אז מען ווארפט נאָך צו עטלעכע פרוטות, ריידן יענע פאר פייער און וואַ־סער, מען הייבט דעם בעל־שמחה, דעם אָפפאָרער, ביז צו דער סטעליע, מען מאַכט פון אים א „זשאָלי גוד פעלאָו". יענער הערט און שמעלצט זיך פון תענוג, און די לאַנדסלייט און געסט האָבן אויך הנאה — הערן די ניט געשטוי־גענע שבחים און לאָכן אין די פויסטן...

פארשטייט זיך, אז אויף אזא אָוונט פאַסט געבן דעם אָפפאָרנדן מתנות, ס׳איז דאָך אזא טראַדיציע — נו, גיט מען! ניט אלע קאָנען זיך פארגינען דאָס, אָבער מען גיט זיך אן עצה: דער בעל דבר, דער אָפפאָרנדער, איז ניט חולה קויפן מתנות. קויפט טאָקע יענער פריער מתנות, גרייט זיי צו — און אויפן אָוונט צו זיין אָפפאָר, שטופט ער שוין זיי אונטער, מען זאָל זיי אים געבן...

אזוי בערך קוקט אויס די פראָצעדור מיט די, וואָס פאָרן אויף לוסט־רייזעס אין אויסלאַנד. דערנאָך הייבט זיך אָן אַ סדרה ווען מען קומט אין אויס־לאַנד. מען שטעלט זיך פאַר פאַר גאָלד־מאַגנאַטן, נאָר אז מען טרעפט אָרעמע, קרובים דערצו, ענדערן יענע זיך זייער גיך, ווערן זיי אויס גאָלד־מאַגנאַטן...

ווען מען קומט צוריק, זאָגט מען ווידער אָן מיט טומל און טאַראַראַם, אז מען איז דאָ, מען מאַכט „וועלקאָם האָום־פּאַרטיס". פארשטייט זיך, אז מען שטעלט ווידער עמעצן אָן, און יענער לייגט דאָך צום עסק גאָרניט צו. דער גאַסט באצאָלט פאר אלץ, גיט נאָך א פיינע מתנה פאר נעמען זיך די מי איינ־צואָרדענען פאר אים א פּאַרטיע...

אויף דער דאָזיקער אויפנאַם גוידערט ער זיך און בלאָזט זיך, האַלט זיך גרויס, האַלט זיך פאר א רעדנער, א קולטורעלער מענטש. ער גיט אָנצוהערן, אז ער וויל אָפּגעבן א גרוס, ריידן וועגן דער לאַגע אין די לענדער, וואָס ער האָט באַזוכט. ער איז שוין א רעדנער געוואָרן, האָט פיל טעמעס, א סך דער־ציילן. ער שטופט אונטער א מטבע׳לע אויף אנאָנסירן און דינגען א זאַל.

עס קומט די גאַנצע משפּחה, אויך זייטיקע מענטשן זיינען דאָ. דער גאַסט מאַכט דעם אָנשטעל פון אַן אויטאָריטעט און רעדט, אַז ס׳כאַפּט אָן אַ חלשות. מען קרימט זיך, מען מאַכט באַוועגונגען, מען הייבט זיך פון די בענקלעך און מען גייט אַוועק. דער זאַל ווערט ליידיק...

דער רעדנער נעמט זיך דערפון ניט צום האַרצן, פאַלט ביי זיך ניט אַראָפּ. ער רעדט ווייטער, רעדט מיט היץ, האָט הנאה פון זיין ריידן, ס׳האָט דאָך אים געקאָסט גענוג געלט, מעג ער ריידן. דער זאַל איז שוין אַ פּוסטער, נאָר זיין משפּחה איז נאָך דאָ — רעדט ער פאַר איר...

# פליען יידן קיין ארץ ישראל

עס פליען יידן קיין ארץ ישראל אַנצוקוקן אונדזער היימלאַנד, אונדזער יידישלאַנד. עס פליען מענער און ווייבער, מיידלעך און יונגעלייט, יונג און אַלט — אלע פליען זיי זען אונדזער מדינה — מדינת ישראל.

דעם חשק ביי אונדז צו זען דאָס יידישע לאַנד פון אויפבלי און ווונדער, האָבן יידן באַקומען, ווען איבערן אַפריקאַנער הימל האָט זיך אריבערגעצויגן א כמאַרע און די פּאָליטישע לאַגע האָט זיך געענדערט.

האָבן דעריבער אַפריקאַנער יידן באַקומען א גרעסערע לוסט אָנצוקוקן די יידישע מלוכה, און מען האָט גענומען אַהין פאָרן א קוק טאָן, אַ טאָפּ טאָן, זען ווי עס זעט אויס, אפשר עפּעס איינצוהאַנדלען, קויפן א שטיקל ערד, א נחלה אָדער עפּעס אנדערש.

דער רעזולטאַט איז: יידן פליען קיין ארץ ישראל, מען ווינטשט א צאתך לשלום און בואך לשלום. די געזעגענונג־פּאַרטיעס קומען פאָר אימפּאָזאַנט, ניט ערגער פון אלע אנדערע פּאַרטיעס און שמחות ביי אונדז, וואָס די הויפּט־אַטראַקציע איז די קאָרטן־שפּיל . . .

יאָ, פליען יידן קיין ארץ ישראל, מען קומט זיך צוזאַמען, מען מאכט גע־זעגענונג־אָוונטן, די שטימונג איז א גוטמוטיקע און בינו לבינו איז מען אויך מקיים די מצווה פון — קאָרטן . . .

דער בעל־שמחה אָדער בעל־שמחה׳טע, וואָס איז זוכה מאַכן אזא רייזע, צו זען די היים פון אונדזערע אבות און די היים פון אונדזער צוקונפט, זיצט ערגעץ אין א ווינקל, אָדער אויבן אָן ביים טיש, ווי אויף הייסע קוילן, איז מיד, נערוועאיש, א ביסל אויך אויפגערעגט און רייבט זיך די שלעפערדיקע אויגן.

עס איז האַלבע נאַכט, די געדאַנקען פון פּאַסאַזשיר שוועבן ערגעץ אין די הויכע הייכן, אין די הימלען — און דאָ ארום, איז דער עולם פארטאָן אין די קאָרטן, מען געמבלט, מטבעות פליען אויף אַלע זייטן, מען כאַפּט די קאָרטן, ווי חסידים שריים ביים רבין . . .

די עראָפּלאַנען פון אפריקע קיין ארץ ישראל גייען אָפּ נאָך האַלבער נאַכט אָדער פאַרטאָג, ווערן דעריבער אויסגעמאַטערט, סיי די וואָס פאָרן אָפּ, און סיי די וואָס קומען זיי באַגלייטן.

פאַרוואָס די קאָמפּאַניעס האָבן איינגעפּירט, אַז די עראָפּלאַנען זאָלן אָפּ־גיין אין אַזאַ צייט, איז ניט פאַרשטענדלעך: קיין באַנקראָטניקעס און אַנזעצער פאָרן דאָך ניט, אַז זיי זאָלן דאַרפן אַנטלויפן אין מיטן דער נאַכט...

דער גרעסטער טייל פון די רייזנדע זיינען יידן, אָן עין הרע גבירים, — אַלנפאַלס ניט קיין אביונים. דאָס זיינען אַזעלכע וואָס קאָנען זיך דערלויבן אויף לוסט־רייזעס — און מען דאַרף זיי ניט כאַפּן אינמיטן דער נאַכט און מיט זיי אַנטלויפן...

אפשר איז דאָס דערפאַר, אַז עס זאָלן ווייניקער באַגלייטן דעם אָפּ־רייזנדן, ווייניקער גרוסן, בריוו און פּאַקעטן אים מיטגעבן פאַר קרובים אין ישראל? — איז עס אפשר דער איינפאַל אַזאַ...

אויב דאָס זאָל טאַקע אַזוי זיין, איז ער גאָרניט קלוג פון די עראָפּלאַן־געזעלשאַפטן, וואָס קאָן דען דאָס זיי שאַדן. צווייטנס, ווייסט מען, אַז דאָס רוב פון גרוסן, בריוו און פּאַקעטן, וואָס מען גיט מיט די פּאַסאַזשירן, ווערן ערגעץ אויפן וועג פאַרניכטעט און דערגרייכן ניט זייער וועג...

אַגב גוטע מעלות האָט דאָס אָפּפליען אינמיטן דער נאַכט. מען ווערט פּלוצלינג פּטור פון פאַרשיידענע נודניקעס, וואָס האָבן אַ טבע פאַרמאַטערן די רייזנדע מיט נודנערייען ביז חלשות.

אַנדערע האַלטן, אַז עס איז אַ חסרון דאָס אוועקפליען אינמיטן דער נאַכט: מען געזעגנט זיך אין דער פינצטער אויפן פלי־פּלאַץ מיט די אָפּרייזנדע, און בעתן צעקושן זיך מיטן שיינעם מין אין דער פינצטער, בלייבן אָפט שטאַר־קע סמנים אויף די באַקן...

עס זיינען פאַראַן אַזעלכע, וואָס האַלטן דאָס פאַר אַ מעלה.

אָט איז אַ יונגערמאַן אַהיימגעקומען מיט ליפּן־סמנים אויף זיינע באַקן, וואָס ער האָט פאַרגעסן אָפּצווישן... האָט ער פאַר דער ווייב זיינער געהאַט אַ גוטן תירוץ: — דאָס איז אַ רעזולטאַט פון די פלי־רייזעס, — האָט ער געזאָגט זיין ווייב, — ער קומט איצט פון פלי־פּלאַץ, אַ לאַנדסמאַן זיינער מיט דער פרוי זיינען אָפּגעפלויגן קיין ארץ ישראל, האָט אים יענע געלאָזט די סימנים אויף די באַקן...

ווען ניט אָט דער תירוץ, ווער ווייסט ווי דער יונגערמאַן וואָלט אָפּגע־שניטן... אַ דאַנק דעם וואָס יידן פליען קיין ארץ ישראל, האָט ער זיך אַרויסגעהאָלפן...

עס פליען יידן קיין ארץ ישראל!

# אויף אַ פּיקניק...

א גאַנצע וואָך האָבן זיך די לאַכמאַניקער לאַנדסלייט געגרייט צו זייער לאַנג־אַראַנזשירטן פּיקניק, וואָס איז באַשטימט געוואָרן אויפן נעקסטן זונטאָג, אויף א ספּעציעלן פּלאַץ, א פינף און צוואַנציק מייל ארויס פון שטאָט.

פאַר דעם צוועק זיינען בילעטן און איינלאַדונגען פונאַנדערגעשיקט געוואָרן צו אַלע מיטגלידער פון דער לאַכמאַניקער סאָסייטי און צו סתם פריינד און באקענטע. אינעם באַשטימטן זונטאָג פונעם פּיקניק, זיינען גרויסע לאַסט־אויטאָס צוגעגרייט געוואָרן, האָבן געוואַרט אין צענטער שטאָט, אויפן באַשטימטן אָרט, כדי נעמען דעם עולם אוועקצופירן צום פּיקניק.

אין יענעם טאָג זיינען לאַכמאַניקער לאַנדסלייט אויפגעשטאַנען פריער ווי געווײנטלעך. שוין פאַרטאָג האָבן זיי געשלעפּט קוישן און טשעמאָדאַנען מיט כלערליי עסנוואַרג, געהאַקטע הערינג מיט זויערע אוגערקעס, יויכן, קאַלטע עופות, וואורשטן, ברויטן, טאַרטן, צימעס און אפילו זויערמילך...

יעדער איינער האָט געשלעפּט זיין טשעמאָדאַן עסנוואַרג. מען האָט מיטגענומען פון אלע מאכלים, עס זאָל חלילה ניט אויספעלן עפּעס א מאכל, און מען זאָל ניט בלייבן פאַרשעמט אין די אויגן פון די לאַנדסלייט...

אין צענטער־שטאָט, ווו די לאַסט־אויטאָס האָבן געוואַרט אויף די לאַכמאַניקער לאַנדסלייט, איז געווען א גרויסער טומל און געפילדער. פעטע יידענעס האָבן שווער געסאַפּעט ביים איינשטייגן אין די אויטאָמאָבילן. די מענער האָט מען אויסגעזעצט ביי די זייטן מיט אריבערגעהאַנגענע פיס איבער די אויטאָס, די ווייבער — אין צענטער — און די קינדער ווי אַנגעוואָרפענע שייטלעך קרויט. עס איז געווען גאָר היימלעך, קולות האָבן זיך געטראָגן אין דער לופט:

רופט זיך אָפּ א יידענע:

— מיסטער, פאַרטווישט ניט מיין קוישל!

עס כאַפּט באַלד אונטער א צווייטע:

— מיין היימי, מיין היימי, זייט אזוי גוט, גיט אים אַהער!

— נאָט איך אייער אוצר! — בייזערט זיך א געלער ייד מיט א ברייט פנים.

דער טומל פאַרשטאַרקט זיך, א הייזעריק קול, ווי א טעמפּע זעג הערט זיך:

— לאַנדסמאַן, אייער פוס דריקט מיך ווי א קלאָץ!

— פון ווען אָן זייט איר עס געוואָרן אזא איידלמאַן?!

עס כאַפּט אונטער אַן אַנדער שטימע:

— מיסעס קלאַפּס, נעמט אוועק אייער זויער־מילך, מיינע הויזן ווערן נאַס!...

— זאָל מען שוין פאָרן, — הערן זיך שטימעס — מען האָט געזאָגט, אז אַכט אזייגער וועט מען פאָרן, און עס איז שוין א פערטל נאָך צען!... מען פאָרט, אָדער ניט?!

עס זיינען אוועק אייניקע מינוטן האָבן די „דרייוועדס" געגעבן זייערע סיגנאַלן, אז מען פאָרט — און מיט מזל גערירט פון אָרט. דער עולם איז געוואָרן רואיקער, די אויטאָס האָבן גענומען יאָגן זיך, ארויס פון שטאָט. נאָך א קורצער צייט פאָרן, האָט די שטאָט גענומען פאַרשווינדן, ליידיקע שטחים ערד האָבן גענומען טאַנצן פון ביידע זייטן וועג. די לופט איז געוואָרן פרישער, פרייער, לופטיקער, דער עולם האָט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, באַוווּנדערט דעם ארום, די שיינע פּאַנאָראַמעס, די צעגרינטע פעלדער און לאָנקעס און מיט צע־עפנטע אויגן געקוקט אין הימל ארייַן:

— דאַכט זיך, — האָט זיך אָפּגערופן איינע, — אז מיר וועלן האָבן א רעגן!

— בייסט זיך בעסער אָפּ די צונג!

— וואָס האָט איר געזאָגט, גראָבע יענטע?!

— יענטע רופט זי מיך! זי מיינט אז מען ווייסט גאָרניט וואָס זי איז געווען אין דער היים?! — האָט זיך אָנגעצונדן מלא רציחה א פעטע יידענע מיט א האַלב מויל אויסגעקרומטע ציינער.

א פּאָר מענער האָבן זיך אריינגעמישט און איינגעשטילט די צוויי צע־היצטע ווייבער. די מער „באַעוולטע" האָבן געפּאָדערט צו „סטאַפּן" דעם אויטאָמאָביל, מען זאָל צוריקפאָרן אהיים: זי וועט מיט אזעלכע „פּאַרעווניקעס" ניט פאָרן אויף קיין פּיקניק. מען האָט מיט יענער שווער געמוזט ארבעטן, אז זי זאָל זיך באַרואיקן און ניט צעשטערן די שמחה — דעם פּיקניק. ווען ניט א ראַפינירטער יונגערמאַן וואָס האָט זיך צוגעזעצט צו יענער, און גענומען איר זאָגן קאָמפּלימענטן, לויבנדיק איר כאַראַקטער און איר שיינקייט, איז איין גאָט אין הימל ווייסט, וואָס דאָ וואָלט געשען...

דערווייל האָט זיך דער הימל אָנגעברוגזט, געוואָרן פאַרכמורעט און גענומען צאָרענען. דונערן מיט בליצן זיינען געקומען פון אַלע זייטן — און




מיאַמאַל — א געדיכטער שלאַקסרעגן. דער עולם האָט געזוכט ווי באַשיצן זיך פונעם רעגן. עס איז ניט געווען לייכט, ארום איז געווען אָפן, איבער אלעמענס קעפּ האָבן געהאַנגען — הימל און רעגן. מען האָט געשלעפּט, וואָס נאָר מען האָט געקראָגן אונטערן האַנט צו באַשיצן זיך, מען האָט זיך געטוליעט איינער צום אנדערן, די ווייבער האָבן זיך געלאָזט הערן:

— נאַט אייך א פּיקניק, א פיינעם פּיקניק האָט איר!

— מיסטער „דרייווער”, פאָרט צוריק!

— מיר ווילן ניט קיין פיקניקס, פירט אונדז אהיים!

— טומלט זיך ניט, ווייבער, — האָט זיך געבייזערט דער „דרייוער“, — מיר זיינען שוין באַלד אויפן אָרט, נאָך א פינף מינוט!

— אוודאי, ער ווערט דאָך ניט אזוי אויסגעווייקט ווי מיר, ער האָט דאָך א שטיקל דעכל איבערן קאָפּ, איז אים גוט זיך אָפּצורײדן, נאָך א פינף מינוט, — האָט אַן אַלטע פרוי אָפּגעזיפצט.

דערווייל האָט אויפגעהערט רעגענען, דער הימל האָט גענומען זיך אויס־לייכטן, די זון האָט גענומען צוריק ארויסקומען פון איר ־באַהעלטעניש, דער עולם האָט פרייער אָפּגעאָטעמט, די ווייבער זיינען געזעסן מיט זויערע פּנימער, די קינדער צעשראָקענע, אָבער די מענער האָבן געשמייכלט און אָפּגעלאַכט:

— מיר האָבן געהאַט אַן איבערגאַנג!

— דער „אויבערשטער“ האָט אָנגעשראָקן די ווייבער!...

באַלד איז מען געקומען אויפן אָרט פונעם פיקניק. די „לאָרעס“ האָבן זיך אָפּגעשטעלט, דער עולם, אויסגעווייקטע, האָט גענומען אויסשטייגן. די זון האָט זיך צעשטראַלט און גענומען באַקן, די ערד איז אָבער געווען פייכט, אנידערזעצן איז געווען אוממיגלעך. האָט מען שפּאַצירט, ארומגעקוקט זיך ווו מען איז, און בעת מעשה האָט מען שטאַרק באַדויערט אויפן גאַנצן עסק...

א ביסל שפּעטער, אז די ערד האָט א ביסל אָפּגעטריקנט, דער הימל איז לויטערער און בלאָער געוואָרן און די זון האָט גענומען שטאַרק באַקן, האָט דער עולם גענומען שלעפּן פון אויטאָמאָבילן זייערע קוישן און טשעמאָדאַנען, מען האָט גענומען גרייטן „טישן“ אויף דער ערד. מען האָט אויסגעשפּרייט: ווער נאַסע טישטעכער, ווער אויסגעווייקטע צייטונגען, מען האָט סערווירט די אכילה. דער עולם איז געוואָרן לוסטיקער און פריילעך זיך געגרייט צו דער סעודה, מען האָט זיך אונטערגעברומט א ניגונדל, אַנדערע זיינען נאָך אַלץ גע־ווען פאַרביטערט.

דערווייל איז אָנגעקומען, אין זיין אויטאָ, דער טשערמאַן פון דער לאָכ־מאַניקער סאָסייטי. דער עולם האָט ארויסגענומען פלעשלעך ווײַן און בראָנפן, מען האָט זיך געמאַכט שטימונג און זיך גענומען דערנענטערן צו די „טישן“ טועם צו זיין עפּעס. עסן האָט זיך שטאַרק געוואָלט דעם עולם, אָבער אומגע־ריכט האָט עס דערלאַנגט א פּליוך, עס האָט גענומען גיסן, ווי מיט צעבערס. דער עולם האָט גענומען לויפן, ווי פאַרסמטע מייז, געזוכט אַן אָרט ווו אויס־צובאַהאַלטן זיך...

דער הימל האָט געצאָרנט, עס האָט געדונערט און געבליצט. די גע־גרייטע טישן זיינען, נעבעך, אוועקגעשוומען פונעם רעגן. א גליק האָט געהאַט

דער טשערמאַן, וואָס האָט זיך גיך אריינגעכאַפּט אין זיין אויטאָ און עוקר געווען, די ווייבער וואָלטן פון אים קרעפּל־פלייש געמאַכט...

וויפל טומל עס איז געווען ביים פאָרן אויפן פּיקניק, האָט זיך עס אָבער פילפאַכיק פארשטאַרקט ביים פאָרן צוריק. די ווייבער האָבן מיט קללות גע־שלעפּט זייערע אויסגעווייקטע פּעקלעך. אין די לאַסט־אויטאָס זיינען זיי גע־זעסן איינגעדרייטע און געשאָלטן זיך און אנדערע, וואָס האָבן פּיקניקס אויס־געטראַכט...

דעם גרעסטן פאַרדרוס האָבן פיל געהאַט, וואָס אין איילעניש האָבן זיי פאַרגעסן אויף די ביימער זייערע טישטעכער, קאָלדרעס און אנדערע בע־בעכעס...

# אַ רחמנות נעבעך אויף איר...

... אָ, מיסעס קלאַפּס, קומט אריין, קומט אריין, קאָם אין! גוט וואָס איר זייט געקומען, איך האָב שוין געוואָלט אייך טעלעפאָנירן! איך האָב צוגעגרייט די טייג מיט די „האַני און דזשעם", איר האָט מיר פארשפּראָכן צו געבן א האַנט, אויסצובאַקן מיר די טאָרטן, די קייקס און בּיסקוויטן, איך קאָן זיך גאָרניט קיין עצה געבן! עס איז שוין די צוועלפטע גרויסע פּאַרטיע, וואָס איך מאַך היינ־טיקן חודש, דריי פּאַרטיעס א וואָך! איר ווייסט דאָך, מען קאָן קיין חזיר ניט זיין, מענטשן בעטן צו זיך, מוז מען בעטן צוריק, בפרט נאָך א ניי־הויז, נאָך וואָס פאר א הויז! דאַכט זיך, מיסעס קלאַפּס, אז מיין הויז איז דאָס שענסטע ווי ביי אלע לאַנדסלייט, יאָ?!

ווי געפעלן אייך עפּעס די טוירקעס אין בראָט־אויוון? פיינע, יאָ! זעלטן, אז מען זעט היינטיקע צייטן אזעלכע טוירקעס! ניט צו פארשטיין, שוין אזוי לאַנג נאָך דער מלחמה, און נאָך אלץ א „שאָרטעזש" אין יעדע קלייניקייט. ווייניק האָבן מיר געליטן אין מלחמה־צייט, געקוועלט זיך מיט יעדער זאַך. מען האָט דאָך קיין לייטישע טוירקע ניט באקומען, און ווי בראַנד־טייער, נאָר „טהענק גאָד", מען איז שוין דאָס שלעכטס איבערגעקומען!...

יעס, ווי געפעלט אייך מיסעס גראָבּס נייער דיימאַנט־רינג? זי זאָגט, אז ער קאָסט אַכט הונדערט. ביי מיר אין די אויגן האָט ער מער ניט די ווערט ווי דריי הונדערט, און אפשר דאָס אויך ניט! איך האָב ליב אמאָל איבערשאַצן! איר זעט מיסעס קלאַפּס מיין דיימאַנט־רינג, דאָס איז א נייער, ערשט מיט צוויי טעג צוריק געקויפט. דאָס איז א ריכטיקער שטיין, די אמתע סחורה, זעלטן אז מען זעט אזעלכעס! אָט האָב איך דאָך נאָך דיימאַנט־רינגס, אָט דעם רינג וואָס מיין מאַן האָט מיר געקויפט צו מיין „בירטהה־דיי", ער קאָסט א טויזנט מיט א שמיצל. אָבער עס קומט נאָך אלץ ניט צו מיין נייעם רינג! איך האָב נאָר מורא מען זאָל מיר ניט קיין עין־הרע געבן, מען לאָזט דאָך ניט אראָפּ קיין אויג פון אים!...

האָט איר שוין געזען מיין נייעם „דיינינג־רום־סוויט?" א יאָ, אַ צאַצקע! מען זעט דאָך ניט אזעלכעס היינטיקע צייטן, דאָס איז נאָך „פּרי־וואָר־סטאָק"! איך זוך א פּיאַנאָ, איך וויל טוישן מיין אלטע פּיאַנאָ, עס פאַלט שוין פון איר

שטיקער, קאָן מען קיין לייטישע ניט קריגן פאר קיין געלט! מיר ווילן קויפן א גוטע דייטשישע פיאַנאָ, קומען נאָך אלץ ניט אָן קיין נייע פיאַנאָס פון דייטשלאַנד! אן אומגליק, די מלחמה האָט זיך שוין לאַנג געענדיקט און קיין נייע פיאַנאָס זעט מען נאָך ניט, קיין שום לייטישע זאַך ניט צו באקומען!

אפילו א גוטן קאַרפּעט, אָדער „קוירטנס״ קאָן מען ניט באקומען, אלץ וואָס מען ווייזט אין די „שאָפּס״ איז „קאָמען״־שמאַטעס, ניט אין האַנט ארייַנצונעמען. מען זאָל מיר צוצאָלן, וועל איך עס ניט אריינגעמען אין הויז אריין. איר ווייסט דאָך, אין מייפער אָדער דאַרנפאַנטיין האָט מיר ניט אויסגעמאַכט וואָס איך האָב געהאַט אין הויז, „סעקאַנד־הענד פערניטשור״, אלטע „קוירטנס״, אלץ איז דאָרט געווען געגוג, דאָרט האָט געפּאַסט, אָבער ניט דאָ. עס איז דאָך עפּעס לאַו־האַוטן! און די „נייבערס״ וואָס מיר האָבן דאָ, איז ניט ווי אין



דאַרנפּאַנטיין! פּאַרט אַלע רייכע און ארויפגעאַרבעטע מענטשן. לויט די „גיימס" וואָס מען שפּילט דאָ, זעט מען דאָך, אז מען האָט צו טאָן מיט בעסערע מענטשן!...

יעס, מיסעס קלאַפּס, פאַרגעסן אייך דערציילן מיינע „טראָבל", שוין די צווייטע וואָך לויף איך ארום זוכן א „פויער־קאָוט". אויף איין אָרט געפונען איינעם, פאַרלאַנגט מען העכער פינף הונדערט, און עס איז ניטאָ וואָס אין האַנט צו נעמען! זאָל קאָסטן גאָך א הונדערטער אָדער צוויי, נאָר זאָל זיין סחורה. איר ווייסט דאָך, עס פּאַסט דאָך ניט פאַר מיר זיך ווייזן מיט עפּעס גלאַט א שמאַטע פאַר מענטשן, פּונקט ווי מיסעס שמאַלץ, וואָס האָט זיך עפּעס אָנגעטאָן אַן אָפּגעקראָכענע קאַץ און קוקט אויס אין איר, ווי אַן אָנגעמאָלענע „מאַנקע"!...

איך וואָלט שוין זייער געוואָלט, אז אין „יוראָפּ" זאָל זיך „סעטלען". אז דאָרט וועט זיין אַלץ „געסעטלט", וועלן מיר האָבן אַלץ דאָ! מען זאָגט, אז אין „יוראָפּ" איז ערגער ווי ביי אונדז, אָבער ווי קאָן זיין ערגער?

איר זאָגט, מיסעס קלאַפּס, אז דאָרט איז ערגער, זאָגט איר דאָך די זעלבע רייד וואָס מיין שוועסטער שרייבט מיר! איר ווייסט דאָך מיין שוועסטער, די ייִנגערע פון מיר, האָט זי זיך געראַטעוועט און לעבט אין דייטשלאנד אין א לאַגער, איז יעדע וואָך שרייבט זי מיר, אז עס איז איר שלעכט, אז איך זאָל איר העלפן, איך זאָל איר אריבערברענגען קיין אפריקע. איר ווייסט דאָך דעם אמת, מיסעס קלאַפּס, איך בין איצט אזוי פאַרענגט מיט די נייע „דאָבל־סטאָרי", מיט פרישע „עקספּענסיעס", מיט נייע „פּערניטשור" — און איצט די פּאַרטיעס, מען קאָן דאָך קיין חזיר ניט זיין, אָבער זי, מיין שוועסטער אין דייטשלאַנד אין אַ לאַגער, וואָס דאַרף זי דען האָבן? איר פּרנסה, אירע „עקספּענסיעס"! א פיינער פאַרגלייך, איך און זי! פון דעסטוועגן האָב איך יענע וואָך געשיקט א „פּאַסל" איינגעפּאַקט מיינס א קליידל, וואָס איז מיר שמאָל געוואָרן און א פּאָר שיך מיט א „פּוליוועד", וואָס נאָך קאָן איך שיקן? וואָס הערט זיך מיט די „קייקס", מיסעס קלאַפּס, דאַכט זיך, אז זיי ברענגען שוין, עס סמאַליעט עפּעס?!...

# אַ העזה פון קאַפּער־שיקסעס

רעדט זיך פאַר מיר אַראָפּ אַ ייד פון האַרצן:

שוין די זיבעטע וואָך, אַז מיין ווייב זוכט אַ קאַפּער־מיידל פאַר דער הויז־אַרבעט. זי האָט שוין אויסגעקוקט זיך די אויגן פון קאָפּ און קאָן אַזאַ מיידל ניט געפינען. גאַרניט פון די גרינגע זאַכן קריגן היינט אַ נעגער־מיידל פאַר הויז־אַרבעט. דאַכט זיך, אַז זיי זיינען דאָ, ווי זאַמד אין ים, און דאָך איז זיי ניט לייכט קריגן!

מיר האָבן שוין געשטעלט אין „פּייפּער", אַז מיר זוכן אַ מיידל. מיר זיינען שוין געווען אין פאַרשיידענע ביוראָען פאַר „דאָמעסטיק־סערוועס", אַז מיר בייטיקן זיך אין אַ נעגער־מיידל, מען האָט שוין איינגעצאָלט אַ פּאָר צענער־שילינגדיקע אויך, אָבער קיין דינסט פאַרן הויז האָט מיין ווייב נאָך אַלץ ניט!

מיין ווייב האָט שוין אָפּגעשטעלט אויפן גאַס אַ פּאָר טוץ שיקסעס, זיי געפרעגט אויב זיי ווילן אַרבעט, זי האָט זיי פאַרגעלייגט גוטע „ווידזשעס" מיט אַ לייכטן „דזשאָב". אַנדערע האָבן צוגעזאָגט קומען, און אַנדערע האָבן פּשוט אויסגעלאַכט זיך!

וויפל באָיעס מיר קענען: דעם מילך־באָי, שו־באָי, גראָסערי־באָי, בע־קער־באָי, בוטשער־באָי, קעמיסט און גאַרדן־באָי, אויך אַלע באָיעס פון גאַס און פון די שכנים, האָבן מיר געבעטן, אַז זיי זאָלן אונדז אויפזוכן אַ שיקסע פאַרן הויז, מיר וועלן זיי דערפאַר באַפרידיקן!

עס איז אַוועק אַ וואָך, צוויי און דריי און מער — און קיין קאַפּעריש־מיידל האָט זיך ניט באַוויזן. מיין ווייב האָט, נעבעך, געמוזט אַליין שווער אַרבעטן, רוימען די הויז, באָדן די קינדער, אויסקאָכן עסן.

נאָך אַ פיר, פינף וואָכן, וואָס מיין ווייב האָט שווער אַליין געאַרבעט אין הויז, האָבן זיך גענומען באַווייזן אַ פּאָר יונגע נעגער־שיקסעס, מיין ווייב האָט אויפגעלעבט און מיט זיי זיך דערפרייט:

— ענאָ, דהיז איז אַ איזי דזשאָב! — האָט מיין ווייב צו זיי צערטלעך געזאָגט, — יו קען סטאַרט טו דיי!

— אָ מאַטש דהעו מיסיס פּיי? — האָבן זיי געפרעגט.

האָט מיין ווייב געענטפערט מילד און פריינדלעך:

— פאָור פאַונדס!

האָבן די נעגער־מיידלעך אויסגעשטעלט ווילדע אויגן, געוויזן זייערע ווייסע ציינער און מיט געלעכטער זיך צעלאַפן.

האָט מיין ווייב פארשטאַנען, אז זיי ווילן מער געצאָלט, האָט זי שוין צוגעזאָגט צאָלן 5 פונט, 6 פונט און מער אויך, אַבי עמעצן האָבן אין הויז. אז מיין ווייב איז שוין דורכגעקומען מיט זיי מיטן פרייז, האָבן ערשט זיך אָנגעהויבן די ריכטיקע צרות: דאָ איז זיי ניט געפעלן געוואָרן דאָס צימער פאַר זיי, און אז מיר האָבן צופיל צימערן, ס׳וועט זיין צופיל רייניקן און פוצן. צופיל



וועש צו וואַשן, צו פיל באַדינען, צופיל דילן פוצן, דאָס הויז איז צו גרויס, צופיל „וויזיטאָרס" קומען צו אונדז און ווייניק פרייע טעג ארויסצוגיין אין וואָך, וועלן זיי האָבן. יאָ, עס דאַכט זיך זיי, אז די ווייב מיינע גייט האָבן א „בייבי"... זיי גלייכן ניט, אַז זייער מיסעס זאָל האָבן „בייביס"!...

טאָמער איז דאָס אַלץ ווייניק, האָבן זיי, די שיקסעס, פאַרלאַנגט, אז דאָס ווייב זאָל זיי צושטעלן „רעפרענצעס", אז זי איז א גוטע, א פיינע מיסעס, אז זי באַהאַנדלט אָרנטלעך די „גוירלס", אז זי צאָלט פּינקטלעך די „ווייִדזשעס", און אז זי שטערט ניט, ווען צו זיי קומען באָיעס און שפילן רעקאָרדס ביז שפּעט־ביינאַכט.

און אז מיין ווייב האָט אויף אַלץ איינגעשטימט און פאַרזיכערט זיי מיט „רעפרענצעס", אַבי זיי זאָלן זיך שטעלן ארבעטן, האָבן זיי געענטפערט, אז זיי קאָנען נאָך ניט נעמען קיין „נאָטיס" פון דער מיסעס „פּראָמיסעס" און „רעפּ־רענצעס", די ווייסע גלייכן אָפּצונאַרן די שוואַרצע. זיי וועלן זיך נאָכפרעגן אויף דער מיסעס ביי די „נייבאָרס". עס ברענט ניט, מען קאָן ניט כאַפּן אזעלכע זאַכן. זיי וועלן די אַלע פּרטים אויסגעפינען פריער, און אז מען וועט גוט זאָגן וועגן דער מיסעס, וועלן זיי זיך איבערקלערן, צי זיי זאָלן אָננעמען דעם „דזשאָב"...

די אונטערשטע שורה איז, אז עס זיינען שוין ווידער אוועק פרישע עטלעכע וואָכן און מיין ווייב האָט נאָך אלץ ניט קיין קאָפּער־שיקסע...

אפשר ווייסט איר פון א נעגער־מיידל?

# אַ היים פאַר ווייבער...

א באקענטער ייד האָט פאר מיר זיך געקלאָגט, אז עס איז שטאַרק וויכטיק און נייטיק, עס זאָל געשאַפן ווערן א היים פאר ווייבער, פאר פארהיי־ראַטע ווייבער. פונקט ווי עס זיינען פאראן היים־אנשטאַלטן פאר קינדער, וואָס האָבן טאַטע־מאַמע און לאָזן זיי דאָרטן, די קינדער, פאַרן טאָג, ווו זיי ווערן אויפגעהיט, אין דער צייט ווען די עלטערן זיינען באַשעפטיקט, אויך אזא ענלעכע היים דארף געשאַפן ווערן פאַר ווייבער, ווו זיי זאָלן ווערן אויפ־געפּאַסט, בעת דער מאַן איז א גאַנצן טאָג פאַריאָגט און ווערט אויסגעריסן אינעם שפּאַן פון זוכן חיונה.

אַ היים־אַנשטאַלט פאַר פאַרהייראַטע ווייבער וואָלט געברענגט גרויסע נוצן, וואָלט געהאַט א קאָלאָסאַלן דערפאָלג. עס וואָלט אריינגעבראַכט רו און שלום־בית מיט א סך געזונט אינעם פאַמיליע־לעבן: דער מאַן וואָלט פאַר־שפּאָרט זיין אייפערזיכטיק, ניט איבערקלערן מיט וועמען זיין ווייבל פאַר־ברענגט גאַנצע טעג אין הויז, אָדער זי גייט ארויס פון הויז מיט פריינד אָדער ליידיקגייער...

ווען עס זאָלן עקסיסטירן אזעלכע היים־אנשטאַלטן פאַר ווייבער, וואָלט דער מאַן פארשפּאָרט איבערצוטראַכטן וועגן די „טרעוולער", וואָס באַטן אָן גאַנצע טעג מציאות און וועגן אנדערע מענער וואָס מאַכן אָפטע וויזיטן אין די הייזער.

אָבער ווען עס וואָלטן עקסיסטירט אזעלכע היימען פאר ווייבער, וואָלט יעדער אינדערפרי דער מאַן גענומען זיין אשה און איר אוועקגעפירט אין היים־אַנשטאַלט. דאָרט וואָלט זי שוין ניט געהאַט קיין וויזיטן פון „טרעוולער" און אנדערע פריינד, און דער מאַן וואָלט מיט א רואיקן קאָפּ געקאָנט אָנגיין מיט זיין באַשעפטיקונג.

אזא אנשטאַלט וואָלט געווען פון גאַר א גרויסער וויכטיקייט, עס וואָלט געהיט דאָס געזונט סיי פון מאַן און סיי פון ווייב. דאָס ווייבל וואָלט ווייניקער ארומגעלאָפן טאָן „שאָפּינג", ווייניקער געהאַט די געלעגנהייט פטרן געלט אויף לאַכעס און שמאַטעס, וואָלט ווייניקער געלאָפן אין די קינאָס יעדן טאָג, ניט אראָנזשירט קאָרטן־פּאַרטיעס, ווייניקער לשון־הרע גערעדט...

אין אַזעלכע אַנשטאַלטן וואָלטן געוויס די ווייבער געמוזט טאָן געוויסע ארבעטן, אזעלכע וואָס זיינען לאַנג שוין ארויס פון ווייבערישן רשות. זיי וואָלטן, למשל, געמוזט פארריכטן העמדער, פארצירעווען זאָקן, לייגן א לאַטע אויף א בגד, אָדער א קנעפּל איינגייען. מען וואָלט אפשר אין יענע אנשטאַלטן געלערנט און דערצויגן די ווייבער, אז עס פּאַסט ניט, מענער זאָלן טאָן ווייבערישע אַרבעט. עס איז דאָך שוין געוואָרן לעצטנס שרעקלעך, אז א מאַן קומט פון דער ארבעט, מוז ער פוצן דעם דיל, וואַשן די טעלער, אויסבאָדן די בייבי, רייניקן די דיוואַנעס, פוצן לעפל־גאָפּל און טאָן אנדערע הויז־ארבעט.

עס איז שוין אזוי ווייט אַוועק, אז פיל ווייבער קלאָגן זיך, אז זייערע מענער טויגן ניט, אז זייערע פריינד און באַקענטע האָבן מזל, האָבן לייטישע מענער. אז זיי קומען פון דער אַרבעט, קאָכן זיי אויס עפּעס צום עסן, שאַנע־ווען זייערע פרויען...

יאָ, ווען מיר זאָלן האָבן אזעלכע היים־אנשטאַלטן פאר אונדזערע ווייבער, וואָלט גאַנץ אנדערש אויסגעקוקט דאָס פארהייראַטע לעבן, גאָר אַן אנ־דער פּנים וואָלט עס האָבן, עס וואָלט געווען מער אינטערעסאַנט דאָס לעבן.

און אז דעם מאַן פארגלוסט זיך גאָר א ביסל אויסצורוען פאר א שטיקל צייט, לאָזט ער די פרוי אין יענעם אנשטאַלט, ניט נאָר טעג אליין, נאָר אויך גאַנצע מעת־לעתן, דאָס וואָלט געווען דער בעסטער אויפטו און גאַראַנטיע פאר א צופרידן פאַמיליע־לעבן, דער שלום בית וואָלט געווען א געזיכערטער...

דער ייד האָט געזוכט מיין הסכמה צו דעם ענין. ער האָט מיר געוויזן, אז ער קלייבט אונטערשריפטן פאַר אזא היים פאַר פאַרהייראַטע ווייבער: ער האָט שוין געהאַט א פּאָר צענדלינג חתימות.

# א „טראגעדיע" פון קאָרטן־שפּילער

כנהוג שפּילט מען אין אַפריקע, אויך אין יידישע הייזער, אין קאָרטן. מען שפּילט אמאָל בייטאָג, מען שפּילט דער עיקר ביינאַכט, און מען שפּילט אַמאָל אויך טאָג און נאַכט. בעת די מענער זיינען פאַרנומען ביי דער ארבעט קומען ווייבער זיך צוזאַמען און מען שפּילט אין קאָרטן. די הויז־ווירטשאַפט, די ארבעט פון קאָכן, באַקן, וואַשן, נייען א.א.וו. איז דאָך אין די הענט פון די שוואַרצע באַדינער. אפילו דערציען יידישע קינדער גערטרויט מען די שוואַרצע אָן. זיי טוען עס.

אָבער דאָס איז אגב אורחא.

דער עיקר זיינען די „גיימס", די אלערליי קאָרטן־שפּילן, וואָס האַלטן געשפּאַנט דעם עולם. שפּילט מען דעריבער אָפט, יעדנטאָג, יעדנאָוונט, ביי יעדער געלעגנהייט: אין וואָכעדיקע טעג, אין שבת־טעג, אין יום־טוב־טעג, אין טעג פון א גאַנץ יאָר. היינט שפּילט מען ביי דעם, מאָרגן ביי יענעם, אין אָוונט ביי זיך, אין די מיטאָג־שעהן ביי אנדערע, און אזוי גייט עס כסדר. מען איז „ביזי" מיט דעם קאָרטן־שפּיל איבערן קאָפּ. למען האמת דאַרף מען זאָגן, אז דאָס רוב קאָרטן־שפּילער האָבן ניט קיין קעפּ...

ווען ניט דאָס קאָרטן־שפּילן, ווער ווייסט ווי דאָס יידישע לעבן וואָלט ביי אונדז אויסגעקוקט. ס'וואָלט געוויס געווען שטאַרק־מאָנאָטאָן, לאַנג־ווייליק. אָן קאָרטן וואָלטן די קאָרטן־שפּילער ניט געהאַט וואָס צו טאָן, ווו זיך אהינצוטאָן, וואָלטן זיך געלאַנגווייליקט און וואָלטן, אפשר, מחמת נודנע־קייט, באַגאַנגען זעלבסטמאָרד...

כ'ווייס, אז אין איין יידיש־הויז, ווי אין א סך יידישע הייזער, האָט מען מיט וואָכן פריער געגרייט זיך מיט גרויסע שהיות צו א קאָרטן־פּאַרטיע, ווייל צו האָבן דעם געהעריקן דערפאָלג, מוז מען זאָרגן מיט א צייט פריער: זיכערן זיך מיט דער געהעריקער צאָל הענט פון קאָרטן־שפּילער, זיי זיינען דאָך די וואָס באַשיינען די שמחה... דעריבער לאָזט מען יענע וויסן מיט וואָכן פריער, ווייל עס זיינען אויך דאָ אנדערע יידן, וואָס מאַכן קאָרטן־הוליאַנקעס. איז דעריבער באַזאָרגט מען זיך פריער, כדי ניט זיצן ביי ליידיקע טישן...

פאַרשטייט זיך, פונקט ווי מען וויל האָבן מענטשן צו די טישן צום קאָרטן־שפּיל, אזוי זאָרגט מען אויך, אז די טישן זאָלן ניט זיין קיין פּוסטע: עס

זאָל זיין אָנגעגרייט עסן און טרינקען פון כל־טוב, אז מענטשן זאָלן ניט דער־נאָך באריידן. ווייל יעדער קאָרטן־שפּילער, אפילו דער רייכסטער, וואָס קומט צו אַ קאָרטן־פּאַרטיע, וויל דריי זאַכן: שפּילן אין קאָרטן, געווינען געלט און גוט צובייסן...

האָבן לשם זה די בעלי־הבתים פון דער געגרייטער פּאַרטיע געזאָרגט, אז אלץ זאָל זיין בסדר גמור, צוגעגרייט עסן און טרינקען דאָס בעסטע, האָבן טעלעפאָנירט צו זייערע באקענטע און פריינד, אָנגעזאָגט, זיי זאָלן חלילה ניט פאַרגעסן קומען צו דער פּאַרטיע זייערע, ניט מאַכן קיין אנדערע אראַנזשירונ־גען, ניט „דיסאַפּאָינטען" זיי, און אויך זען מיטברענגען נאָך „העגט" פון קרייז פון זייערע קאָרטן־שפּילער.



אין א באשטימטן אָוונט האָט געדאַרפט די קאָרטן־פּאַרטיע פאָרקומען. דער בעל־הבית און בעל־הביתטע האָבן געזען, אז אלץ זאָל זיין אין בעסטער אָרדענונג, עס זאָל גאָרניט אויספעלן. ס׳זאָל פון אלץ זיין לרוב, מורא האָבנדיק טאָמער שפּעטער וועט מען זיי באריידן...

ס׳האָט געשלאָגן דער זייגער די באשטימטע שעה, אָבער קיין שפּילער זיינען ניטאָ. די בעלי־הבתים זיינען געוואָרן שרעקלעך אומרואיק, געקוקט אויפן זייגער, געקוקט דורך די פענצטער. עס האָבן זיך באוויזן אַ 3—4 מענטשן, ניט קיין פולער טיש קאָרטן־שפּילער, און האָבן אָנגעזאָגט א טרויעריקע בשורה: דער טשערמאַן מר. „סאָ־ענד־סאָ״, איז פּלוצלינג געשטאָרבן פון א האַרץ־אַטאַק...

באלד האָט געגומען קלינגען דער טעלעפאָן, וואָס האָט באשטעטיקט די זעלביקע אומעטיקע נייעס וועגן טויט פון א טשערמאַן. די שפּילער האָבן זיך אָנטשולדיקט, אז זיי וועלן היינטיקן אָוונט ניט קאָנען נעמען אייגטייל אין דער קאָרטן־פּאַרטיע. מען זאָל עס באשטימען אויף אַן אנדער טאָג...

דער בעל־הבית און זיין פרוי זיינען געוואָרן שטאַרק אויפגערעגט און געשריען: — וואָס האָט דאָס מיטן טשערמאַן פּאַסירט. ער האָט שוין ניט געהאַט וועג קריגן אַטאַקעס און שטאַרבן נאָר פונקט היינט, און שטערן אונדזער „גיים״. ער האָט דאָך געקאָנט מאַכן א שטאַרב מיט א טאָג אָדער צוויי שפּעטער אָדער פריער, ניט היינטיקן אָוונט.

* * *

די קאָרטן־פּאַרטיע איז יענעם אָוונט ניט פאָרגעקומען, אָבער אויף מאָרגן נאָך דער לוויה זיינען די לאַנדסלייט און אַלע געבעטענע געסט זיך צוזאמענגעקומען און מען האָט אָוועקגעשפּילט אין קאָרטן יענעם אָוונט און א גאנצע נאַכט, ביזן גראָען טאָג אריין.

# אין באַן

אין מיין קופּע האָט זיך אריינגעשטופּט א קליין געוויקסיק יידל, באלאָדן פון אלע זייטן מיט טשעמאָדאנען און פּעק. ער איז געווען פארשוויצט. דער ייד האָט שווער געסאָפּעט, שווערער ווי דער באַן־לאָקאָמאָטיוו. אז ער האָט איינגעשטעלט זיין באַגאַזש, אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, האָט ער זיך ארומגעקוקט, ארויסגענומען א נאָז־טיכל, ארומגעווישט דעם שווייס, בקול רם מתעסק געווען זיך ארום דער נאָז און האָט צו מיר א זאָג געטאָן:

— אַנטשולדיקט, גאָרניט באַמערקט אייך! ווו פאָרט א ייד?

— דעם אייגענעם וועג, וואָס איר! — האָט איך געענטפערט.

— וואָס, איר זייט אויך פון סטענדערטאָון?

— ניין, פון יאָהאַנעסבורג!

— איז דאָך ניט דער אייגענער וועג! — האָט זיך דער ייד היימיש גע־מאַכט, — יאָהאַנעסבורג איז פּיל ווייטער ווי סטענדערטאָון. ווען מען זאָל מיך אָפּגילטן, וואָלט איך ניט געווינט אין יאָהאַנעסבורג!

— פאַרוואָס זייט איר ברוגז אויף יאָהאַנעסבורג? — האָב איך א שפּאַס געטאָן.

— יאָהאַנעסבורג איז ניט קיין שטאָט! — האָט דער ייד האַסטיק מיר אָפּגעענטפערט. יאָהאַנעסבורג איז א גרויסער בית־עולם! איר זייט דאָרט ניט זיכער מיטן לעבן, ניט אין גאַס, ניט אין שטוב — אין ערגעץ ניט, פּע, א פּאַסקודנע שטאָט!

— ר׳ ייד, פארמיאוסט מיר ניט יאָהאַנעסבורג, איך לעב דאָרט מיט נאָך צענדלינגער טויזנטער יידן — און הלוואי ווייטער ניט ערגער!

— איר רופט עס אָן געלעבט, ביי מיר איז עס געמוטשעט זיך מיטן טויט! דער מלאך־המות גייט אייך דאָרטן נאָך, נאָך יעדן פוס־טריט, לויערט נאָר אויף אייער לעבן.

— גענוג, ר׳ ייד, לאָמיר ריידן פריילעכע זאַכן! — האָק איך יענעם אָפּ.

— אז מען פאָרט אין א באַן, איז ניטאָ די שטימונג פאר פריילעכע זאַכן — האָט דער ייד אומעטיק א זאָג געטאָן.

— וואָס טויג אייך ניט די באַן, עס איז דאָך ניט יאָהאַנעסבורג?

— א באַן, בעת זי לויפט, קאָן זיין פיל ערגער פון אייער יאָהאַנעסבורג! וואָס, איר לייענט גאָרניט קיין „פּייפּערס"? וואָס, איר הערט ניט וויפיל אומגליקן, וויפל טויטע די מחבלים, די באַנען, פאַראורזאַכן?!

— יאָ, כ'ווייס. פאר וואס זשע פאָרט איר מיטן באַן? — האָב איך געפרעגט דעם יידן.

— מיט וואס דען וואָלט איר געוואָלט זאָל איך פאָרן? אפשר פאָרן אויף א כפרה־הינדל? אויף אַן אינדיק? צו גאָר אויפן ווייבס קרבן־מנחה?

— ניין, כ'מיין, מיט אַן אויטאָ!

— וואָס? — האָט דער ייד אונטערגעשפּרונגען, — מיט אויטאָס זאָלן מיינע שונאים פאָרן, ניט איך!

— און מיטן עראָפּלאַן?

— כ'בין ניט קיין יאָהאַנעסבורגער, אז כ'זאָל פליען מיט עראָפּלאַנען, כ'וויל נאָך לעבן! עפּעס א קלייניקייט פליען מיט אַן עראָפּלאַן. אז מען טוט מיטן עראָפּלאַן א פאַל אַראָפּ א צען טויזנט פוס, איז גאָרניט קיין איינגענעמער ביסן!... דעריבער בין איך אייך מוחל די אויטאָס מיט די עראָפּלאַנען! כאָטש דעם אמת זאָגנדיק, — האָט דער ייד אלץ געערעדט מיט שוים אויף די ליפּן, — איז מען אויך אין באַן ניט זיכער. אָבער מען האָט צו־טאָן מיט מענטשן, מיט א רעגירונג! ס'איז אויך דאָ א שטיקל פאַרזיכערונג, אז די שעה זאָל ניט זיין!

— נו, זייט איר דאָך אין אָרדענונג! — וויל איך זיך אָפּטשעפּען פון יענעם.

— אין אָרדענונג, זאָגט איר?! — צעהיצט זיך פריש דער ייד, — וואָס, אַ שטייגער, זייט איר זיכער? איר דאַרפט וויסן, אז אַ באַן איז ניט מער ווי אַ באַן! א באַן איז ניט קיין מלאך, וואָס זאָל אייך היטן. איר טאָרט אויף קיין איין רגע ניט פאַרגעסן, אז איר פאָרט אין אַ באַן. מען זאָל געהיט ווערן, וואָס עס טרעפט זיך מיט באַנען. אמאָל גייט אַ באַן ארונטער פון די רעלסן, אַמאָל גייט זי, די באַן, אין דער ניט ריכטיקער ריכטונג. אמאָל ווערט ווילד א צווייטע באַן און לויפט ארויף אויף אונדזער באַן. אמאָל גאָר איז ערגעץ א רעלס אָפּגעשרויפט אָדער אויסגעקרימט, און די באַן טוט זיך א גליטש ארויס, און די פאַסאַזשירן פליען ווי די מוראַשקעס... כ'ווייס, הונדערטער און טויזנטער אומגליקן טרעפן זיך מיט די באַנען. איר זייט דאָך, זייט מיר מוחל, גאָר א גרינער, איר האָט ניט קיין אַנונג, וואָס באַנען זיינען. אז מען קומט בשלום איבער, מעג מען בענטשן גומל!

איך האָב שוין ניט געהאַט קיין חשק דעם יידן ענטפערן, האָב איך געשוויגן. יענער האָט נאָך עפּעס געזאָגט, כ'האָב זיך ניט געמאַכט הערן.

אין אָוונט ווען מען האָט אויסגעבעט די בעטן אין קופע, האָט דער ייד אָפּגעזאָגט זיך נעמען א געלעגער: ער שלאָפט ניט אין באַן. אין באַן פאַרט ער, האָט ער געזאָגט.

אין מיטן נאַכט האָב איך דערפילט א לייכטן בוכץ אין דער רעכטער זייט. איך האָב זיך אויפגעכאַפּט דערשראָקן, געקוקט פאַרשלאָפן אינעם טונקעלן חלל. דער ייד האָט זיך געפונען נאָענט צו מיר:

— ווי קאָן מען עס שלאָפן? — האָט ער צו מיר זיך אָפּגערופן, — איך זיץ און האַלט די נשמה אין האַנט, און איר שלאָפט! שלאָפט זיך רואיק, ווי גאַרניט!

— וואָס האָט פּאַסירט? — האָב איך דערשראָקן געפרעגט.

— דערווייל האָט קיין זאַך ניט פּאַסירט. א שיין פּנים וואָלט איר האָבן, ווען עס וואָלט חלילה עפּעס פּאַסירט! איר וואָלט שוין אזוי ניט געזעסן, ווי איר זיצט, און איר וואָלט שוין ניט אזוי נאַריש געגלאָצט מיט אייערע אויגן, ווי איר טוט עס!

— פאַרוואָס האָט איר מיך אויפגעוועקט?

— וואָס הייסט פאַרוואָס? ווי קאָן מען עס ליגן און שלאָפן? שלאָפן, ווען מען איז אין געפאַר, ווען דאָס לעבן הענגט אויף א האָר. ווען יעדע רגע קאָן געשען דאָס גרויסע אומגליק. ווי קאָן מען עס ליגן און שלאָפן אין באַן, א באַן איז דאָך א טייוול. איר האָט, ווייזט אויס, פאַרגעסן, ווו איר געפינט זיך!

— כ׳ווייס, איך האָב ניט פאַרגעסן, לאָזט מיך שלאָפן!

— ווי קאָנט איר שלאָפן? איר מיינט, אז א באַן גייט פון זיך אליין! קומט, לאָמיר א קוק טאָן צום מאַשיניסט און געהילף, וואָס האַלטן אין זייערע הענט דעם לאָקאָמאָטיוו מיט אונדזערע נשמות. פאָלגט מיך, לאָמיר זען, וואָס יענע טוען. אפשר, חלילה, טוען זיי עפּעס ניט ריכטיק. איין קליינער טעות, זיינען מיר פאַרפאַקט מיט אונדזערע בעבעכעס לעולם ועד! קומט, לאָמיר זען, אפשר זיצן זיי דאָרט, די פּויערים, איבער א פלעשל משקה און שנאַפּסן, און אז מען שנאַפּסט פאַרשנאַפּסט מען זיך, און מען ווייסט ניט וואָס מען טוט. אנשטאָט גיין רעכטס, גייט מען לינקס, אָדער פאַרקערט. אז מען איז ניט ניכטער און מען האָט דאָס פלעשל אין קאָפּ, קאָן מען אָפּטאָן געפערלעכע זאַכן, דאָס ערגסטע און ניט וויסן וואָס מען טוט. מען דאַרף דען א סך, איין קלייניקייט, אז מען טוט וואָס ניט ריכטיק, איז, כהרף עין, אלץ חרוב ונחרב. די באַן, די שעה זאָל ניט זיין, קאָן אראָפּ פון די רעלסן און אין מינוטן, אין סעקונדעס, קאָן פון אונדז ווערן א קעז... און איר ווילט שלאָפן? פאָלגט מיך, לאָמיר גיין זען, וואָס דער אדון ביים לאָקאָמאָטיוו טוט. לאָמיר זען זיין פּרצוף, ווי ער קוקט אויס, צי ער האָט ניט געכאַפּט קיין איבעריקע כוסה, אָדער אפשר

גאָר א דרעמל געכאַפּט?! פאָלגט מיך, לאָמיר זען, אײדער װאָס־װען, אײדער עס װערט שפּעט! לאָמיר ניט זײן קײן מלאך־המות אויף זיך אַליין, אויף אונדזערע אײגענע לעבנס! װאָס װאַרט איר? אײך אַרט ניט, אוודאי, איר זײט דאָך א יאָהאַנעסבורגער, איז דערפאַר אײך דאָס לעבן ניט װיכטיק. יאָ לעבן, ניט לעבן איז בײ אײך אַלצאײנס. איך בין אָבער פון סטענדערטאָון, איר פאַרשטײט, כ׳װיל נאָך לעבן. איך װיל ניט שטאַרבן, כ׳װיל ניט, קומט, קומט, קאַלטער לונגען־לעבער!

איך האָב זיך טיף אײנגעדעקט אין דער קאָלדרע, פאַרנורעט דעם קאָפּ, כדי ניט הערן דעם נודנעװאַטן יידן. כ׳האָב געטראַכט, אַז ער איז ניט מיט אַלע נאַרמאַלע חושים, אים פעלט א שרײפל אין מאַשינדל... די באַן האָט מיך צוריק אײנגעװיגט אין מײן צעשטערטן שלאָף.

װען עס האָט געריסן זיך אויף טאָג, האָב איך זיך אויפגעכאַפּט. כ׳האָב באַמערקט דעם ייד צוזאַמענגעמענדיק זײנע טשעמאָדאַנען און פּעק און געװען גרײט אויסצושטײגן פון באַן. ער האָט אויף מיר א לעצטן בליק געװאָרפן און געזאָגט:

— מיסטער, זײט געװאָרנט, איך שטײג שוין אויס. נעקסטע סטאַנציע איז סטענדערטאָון, שלאָפט ניט. געדענקט, אַז איר געפינט זיך ניט אין א טעאַטער אָדער אויף א קאָנצערט, האָט אין זינען, אַז איר זײט אין באַן, און געדענקט אויף װיפל געפאַרן איר זײט אויסגעשטעלט, האַלט עס ניט פאַר לײכט!...

װען דער סטענדערטאָונער יידל איז אויסגעשטיגן פון באַן, האָב איך פרײ אָפּגעאָטעמט...

# אַ שדכן

ווען יונה דער ציגאַרעטן־פּאַרקויפער איז אריבער די פערציקער יאָרן, האָט ער זיך באַרעכנט, אז ער דאַרף טאָן א שידוך, ער ווערט דאָך ניט יינגער נאָר עלטער, איז ער אוועק צו א שדכן באַראַטן זיך.

ביים שדכן האָט יונה דערקלערט, אז ער איז א בחור קרוב צו פערציק יאָר, ער וויל זיך „סעטלען" מיט אן אָרנטלעכער פיינער מיידל.

דער שדכן האָט ארויסגענומען א פּאַק מיט פאָטאָגראַפיעס, יונה האָט זיך איינגעגעסן אין זיי, זיך אָפּגעשטעלט אויף דריי. יונה האָט לאַנג געקוקט אויף די בילדער, האָט פון זיי אויסגעקליבן איינע. מיט ציטערדיקע הענט האָט ער געהאַלטן די פאָטאָגראַפיע, איינגעקוקט זיך אין איר און אָפּגערופן זיך צום שדכן:

— אָט דאָס מיידל אויפן בילד קוקט אויס צו זיין סימפּאַטיש!

דער שדכן האָט געטאָן א בליק אויפן בילד און צופרידן אָפּגערופן זיך:

— זי איז א פיינע, א האַרציקע, א גוטע נשמה, זייער געלערנט, שפּילט שיין פּיאַנאָ, האָט אויך א פיינע שטימע צום זינגען, איז א גרויסע בריה, קאָן נייען, שטריקן, קאָכן, באַקן — א גרויסע ווירטין איז זי!

— קאָן מען טרעפן זיך מיט איר? — האָט יונה א פרעג געטאָן.

— געוויס קאָנט איר זיך טרעפן מיט איר! — האָט צופרידן געענטפערט דער שדכן. — ווען און ווו, א שטייגער, וואָלט איר וועלן מיט איר זיך טרעפן?

— כ׳וויס, כ׳לאָז דאָס איבער אייך צו באַשטימען, איר ווייסט בעסער, איר זייט דאָך א שדכן, ס׳איז דאָך אייער ארבעט!

— כ׳וואָלט געזאָגט, — האָט זיך אָפּגערופן דער שדכן, — אז די ערש־טע זעאונג זאָל זיין, טאַקע דאָ ביי מיר אין הויז! ס׳איז זייער דיסקרעט און פּאַסיק דאָ!

— אויב איר זאָגט ביי אייך, טאָ זאָל זיין ביי אייך! — האָט יונה צו־געשטימט.

ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן אז די זעאונג זאָל זיין ביים שדכן. דער שדכן האָט דערווייל גענומען האַנט־געלט פון זיין קליענט און ביידע זיינען צופרידן געוועזן.




ווען עס איז געקומען די באשטימטע צייט פון דער אָפּגערעדטער טרעפונג, האָט יונה זיך אויסגעפּוצט און מיט הארצקלאפּונג אוועק זען דאָס מיידל.

יונה איז געקומען אין שדכנס הויז, אלץ האָט דאָ אויסגעקוקט אנדערש, ווי דעם ערשטן מאָל, ווען ער איז געקומען. די שטוב איז געווען ליכטיקער און ריינער. ער האָט זיך אוועקגעזעצט און געוואַרט. באלד איז אריינגעקומען דער שדכן און דערקלערט, אז אָט באלד, באלד וועט דאָס מיידל אָנקומען. דערווייל האָט ער מיט יונה'ן געשמועסט, געפרעגט זיך וועגן זיינע געשעפטן, ווי לאַנג ער איז אין לאנד, צי ער האָט דאָ משפּחה אָדער פריינד.

דערווייל האָט זיך דערהערט א לייכטער קלאַפּ אין טיר. עס איז אריינ־געקומען א יונגע פרוי פון א יאָר 30—32, א גאנץ חנוודיקע מיט פינקלדיקע

אויגן. דער שדכן האָט פאַרגעשטעלט פאַר יונה׳ן די אריינגעקומענע, האָט א ביסל גערעדט און ארויסגעדרייט זיך פון צימער, איבערלאָזנדיק זיי אליין.

אין ערשטן מאָמענט זיינען זיי געווען אין פארלעגנהייט, ניט דרייסט איינער צום אנדערן. באלד אָבער האָט יונה גענומען זיך אין די הענט און אָפּגערופן זיך:

— זעצט זיך צו, איר פילט זיך געוויס פרעמד דאָ, אויך איך בין דאָ א פרעמדער, אָבער, איר ווייסט דאָך. געקומען דאָ זוכן גליק, כ׳וויים, אפשר...

— א דאַנק פאר אייער פריינדשאַפט, אָבער, כ׳וואָלט, ליבערשט, גע־וואָלט ערגעץ אנדערש, ניט דאָ. עפּעס שרעקט מיך דאָס אָרט, ס׳איז ניט צופיל פריוואַט, מענטשן קומען דאָ אָפּט אריין און ס׳איז עפּעס ניט באקוועם.

— אויב איר ווילט, וועלן מיר א ביסל זיך דורכגיין ? — האָט יונה ניט־דרייסט געפרעגט.

באלד זיינען ביידע ארויס פון שדכנס הויז און אוועק עטלעכע גאַסן ווייטער. זיי האָבן געשמועסט פאַרשיידן, און יונה איז געוואָרן אַנטציקט, ווי שיינע מוזיק האָט אים גענומען קלינגען איר איטלעך וואָרט. יונה איז געוואָרן שטאַרק פאַרליבט אין דער מיידל.

* * *

ס׳איז ניט לאַנג פאַריבער ווי יונה האָט מיט דער מיידל געשטעלט א חופּה. מען האָט אויך געמאַכט א שטיקל סעודה מיט שבע ברכות. צו דער חתונה זיינען געקומען פיל געסט, און צווישן זיי אויך דער שדכן, וואָס האָט געשיינט פון גליק און צופרידנקייט פונעם צוזאמענגעפּירטן שידוך.

אָבער דאָ איז יונה געוואָר־געוואָרן אַט וואָס: דער שדכן וואָס האָט אים גערעדט דעם שידוך, איז ניט קיין אנדערער, ווי זיין אייגענער שווער... דער ייד איז געפאַלן אויף גאָר א געניאלער המצאה: אזוי ווי ער האָט א קארגן טוץ טעכטער, האָט ער באשטימט צו ווערן א שדכן, — און עס גילט אים טאַקע: ס׳איז שוין דער צענטער שידוך, טאַקע פון זיינע אייגענע טעכטער, וואָס ער האָט אליין דורכגעפירט...

# מיינע צוויי פרנסות

אזוי ווי פון שרייבן איז שווער מאַכן א לעבן, האָב איך זיך גענומען צו נאָך א מלאכה — שערעריי. דאַכט זיך, אז שערעריי און שרייבעריי האָבן א נאָענטע שייכות איינע צו דער אנדערער, ביידע זיינען דאָך קאָפּ־ארבעט...

פונקט ווי ביי שרייבעריי שטייט מען זיך אויס גענוג צרות מיט נושא חן זיין ביים רעדאַקטער און לייענער, אזוי אויך ביי שערעריי ליידט מען פיל. מען האָט אָפּט אַן עסק מיט נודניקעס, מיט מענטשן, גוטע און שלעכטע, מילדע און קארגע, שוויגער און פלאַפּלער, קלוגע און שוטים: צו זיי אלעמען מוז מען האָבן פיל געדולד, אויב מען וויל זיי ניט פאַרלירן אלס קונדן...

שערעריי איז ניט אָנגענומען פאר קיין שיינע מלאכה. נאָך אין דער אַלטער היים האָט מען זיך געשעמט מיט איר, און יעדע אנדערע מלאכה איז גע־ווען שענער. א שניידער, סטאָליער, מאָליער, שליאָסער איז פאַררעכנט גע־וואָרן פאר א פיל שענערן פאַך, ווי שערעריי. להיפוך איז דאָס געווען ביי קריסטן: שערעריי איז ביי זיי פאררעכנט געוואָרן פאר א שיינע מלאכה, פונקט ווי זיין א פראָוויזאָר, אַפּטייקער, דענטיסט וכדומה.

אין דרום־אפריקע וואָלט שערעריי גראָד געווען א שיינע פּראָפעסיע, ווען... ווען די בעלי־מלאכות, שוסטערס מיט שניידערס, סטאָליערס מיט מאליערס, זאָלן ניט האָבן זיך ארויפגעארבעט און געשטאָנען מיט זייער עשירות, אויף דער זעלבער מדרגה, ווי שערערס, אָבער אז זיי האָט אָפּגעגליקט באַ־וויזט זיך ביי זיי די פוסטע גאווה...

אָבער לאָמיר ניט ריידן וועגן עשירות און גאווה, לאָמיר נאָר פאַרציי־כענען, וואָס א שערער, אָדער ווי מען רופט אים דאָ — באַרבער, האָט אויסצו־שטיין ביי זיין ארבעט פון זיינע קונדן און זייערע משוגעתן.

יעדער קונד האָט זיך אַן אנדער משוגעת, אַן אנדער כאַראַקטער מיט באזונדערע זיטן. פאר יעדע קלייניקייט איז מען גרייט ברוגז צו ווערן, פאר די קלענסטע און נאַרישסטע זאַך, ווערט מען אויס קונד לעולם ועד.

פאראַן קונדן וואָס ווילן, בעת מען ארבעט ארום זיי, זאָל מען ריידן צו זיי. ניט וויכטיק וואָס, אָבי ריידן, אויב ניט קומען זיי מער ניט, ווערן אויס קונדן. אנדערע ווילן גאָר, אז מען זאָל שווייגן און אויב מען רעדט צו זיי א וואָרט, בלאָזן זיי זיך און ווערן נעלם...

פאראַן קונדן וואָס האָבן ליב ריידן פּאָליטיק, מעגט איר ניט זיין קיין פּאָליטיקער, אָדער ניט האָבן קיין חשק פירן פּאָליטישע דיסקוסיעס, צווינגען זיי אייך דערצו.

אנדערע קונדן האָבן ליב, אז מען רעדט מיט זיי וועגן געמבלעריי, וועגן קאָרטן, פערד־רייסעס, סטאָק־מאַרקעט, לאָטעריע־שפּילן. אויב ניט איז אים ניט אינטערעסאַנט. ער ווערט אויס קונד און זוכט אן אנדער באַרבער מיט וועמען ער זאָל קאָנען שמועסן וועגן די אַלע זאַכן, און קאָנען געבן און נעמען „טיפּס״...

פאראַן קונדן, וואָס ווילן אז דער באַרבער זאָל זיי דערציילן, צי איז ער פאַרהייראַט אָדער נאָך א בחור: אויב א בחור, האָט ער פּאַר אים א גרייטן גליקלעכן שידוך. אויב מען איז פאַרהייראַט, וויל ער וויסן צי מען לעבט בשלום מיטן ווייב, וויפל קינדער מען האָט, ווי גרויס זיי זיינען, וואָס זיי וועלן טאָן, ווען זיי וועלן אויסוואַקסן. מען מוז זיי אַלץ פּינקטלעך דערציילן...

אנדערע קונדן גייען נאָך ווייטער, גיבן אייך אן עצה, אָדער זאָגן דעות וואָס צו טאָן, ווי פירן זיך, ווי לעבן, ניט פירן זיך ברייט, ניט האָבן קיין וואַקאַציעס, ניט שיקן די קינדער אין הויך־שולן, ניט מאַכן קיין פּאַרטיעס, ניט געבן קיין צדקה. אזוי ווי ס׳וואָלט געווען זייער געלט...

פאראַן אויך קונדן, וואָס קריטיקירן אייך אין די אויגן, לאַכן אָפּ פון אייער הילוך, ווי איר בינדט אויס דעם קראַוואַט, וואָס פאר אַ פאַרב ער איז, די הויזן צו לאַנג, דאָס העמד האָט ניט קיין פיינעם קאָליר...

נאָך א גליק וואָס מען איז א שרייבער און מען האָט א צווייטע וועלט, די שרייבערישע וועלט. אמאָל מאַכט מען אויך א פּאָר פונט דערפון און אַמאָל ניט. גאַנץ אָפּט קומען די קונדן און מאַטערן, אז זיי געפעלט ניט דאָס שרייבן, און אויב איך וועל שרייבן אויף אזעלכע און אזעלכע טעמעס, וועט מען מיך ווייכן, ווערן אויס קונדן...

דאָך איז גוט צו זיין א שרייבער און אַ שערער, ביידע זיינען דאָך, ווי געזאָגט, קאָפּ־אַרבעט... אמאָל ווערט מען אויסגעריסן ביים שרייבן, איז גוט וואָס מען איז א שערער... און אַמאָל — איז עס פּונקט פאַרקערט...

קורץ, ס׳איז מיר גוט, איך האָב פיל שרייבער־חברים, וואָס זיינען נאָך מיך מקנא, וואָס איך האָב נאָך א פּרנסה. שערער, ווידער, זיינען מיך מקנא, וואָס איך בין א שרייבער.

אזוי ארום, מיין גאַנץ לעבן הענגט אויפן שפּיץ פעדער — און אויף אַ האָר...

# אין אַ שדכנים־ביוראָ

(סצענקע)

פערזאָנען: א שדכן; א מיידל. אָרט: א שדכנים־ביוראָ.

(עס מאַכט זיך אויף שטיל די טיר, עס קומט אריין א מיידל געקליידט אין בונטע קליידער, תאָס זעען אויס ווי א רעגנבויגן).

מיידל: דאַכט זיך, עס איז עמעצער דאָ?!

שדכן: יאָ, עמעצער איז דאָ.

מיידל: (א ביסל פארלאָרן) כ׳מיין איז דאָ עמעצער, חוץ אייך?

שדכן: וואָס איז דאָ, ווער איז דאָ? ס׳איז קיינער ניטאָ, כ׳בין אליין!

מיידל: דאַכט זיך א מיספאַרשטייעניש!

שדכן: רק עס דאַכט זיך אייך!

מיידל: ניין, כ׳מיין, א מיספארשטייעניש!

שדכן: ביי מיר איז ניטאָ קיין מיאוס, אלץ איז שיין און גוט!

מיידל: (וויל שוין צוריקגיין) ס׳איז נישט דאָ דאָס אָרט!

שדכן: ס׳איז אפשר יאָ דאָ דאָס אָרט, וועמען זוכט איר?

מיידל: הם, כ׳זוך דעם פאַרמיטלער, דעם צוזאַמענפירער. מיין מאַמע זאָגט, אז ער קאָן צוזאמענפירן די וועלט מיט יענער וועלט!...

שדכן: (מיט קוראזש) יאָ, דאָס בין איך טאַקע, איך אליין!

מיידל: איר אליין? (פארוואונדערט)

שדכן: פריילין, זעצט זיך צו, זיצט, וועלן מיר שמועסן!

מיידל: א דאנק, כ׳וויל ניט זיצן, דערפאר בין איך דאַך געקומען צו אייך!

שדכן: כ׳פאַרשטיי, אָבער זיצט!

מיידל: ניין, כ׳וויל ניט זיצן, כ׳האָב מורא, כ׳וועל פארזיצן!

שדכן: אז איר זייט געקומען צו מיר, מעגט איר זיצן, איר וועט ניט פאר־זיצן!...

מיידל: כ׳גלייב ניט, מיין עלטערע שוועסטער איז געזעסן, איז זי, נעבעך, פאַרזעסן!

שדכן: נאַרישקייטן, ווו איז אייער שוועסטער?

מיידל: זי איז אוועק. איינזאַם איז געווען איר לעבן. (וויינט).
שדכן: וויינט ניט, פריילין, זי וועט צוריקקומען, זי וועט צוריקקומען מיט עמעצען, אַז זי איז אוועק אַליין, וועט זי קומען צוריק מיט עמעצען! שלעכט וואָלט געווען, ווען אייער שוועסטער וואָלט אוועק מיט עמעצען!
מיידל: וואָס רעדט איר, וואָס וואָלט געווען?
שדכן: וואָס ס'וואָלט געווען? ווען אייער שוועסטער וואָלט אוועק מיט עמעצען, וואָלט זי געקומען צוריק אַליין...
מיידל: (אין די רייד) אָבער מיין שוועסטער איז דאָך טויט, געשטאָרבן!
שדכן: איר האָט מיך אומזיסט איבערגעשראָקן, אַז זי איז אוועק מיט עמעצן!...
מיידל: (שווייגט א ווייל) וואָס זשע זאָגט איר?
שדכן: וואָס זאָל איך זאָגן? זאָגן, אפשר, רבנן קדיש נאָך אייער שוועסטער?
מיידל: איר דאַרפט ניט מאַכן שפּאַס איבער מיין שוועסטער!
שדכן: אַז מען זאָגט קדיש, איז עס שוין גאָרניט קיין שפּאַס, אונדזערע שונאים זאָלן האָבן אזעלכע שפּאַסן!...
מיידל: האָט איר עפּעס פאַר מיר?
שדכן: צי איך האָב עפּעס? געוויס האָב איך, איך האָב פון אַלע סאָרטן, איר דאַרפט נאָר זאָגן וואָס איר ווילט, וואָס איר זוכט?
מיידל: אַ באַי, א חתן זוך איך!
שדכן: כ'ווייס, כ'ווייס, אָבער וואָס פאַר אַ חתן זוכט איר, ס'זיינען דאָך פאַראַן פאַרשיידענע?!
מיידל: אזעלכער וואָס זאָל זיין שיין, גוט, מיט א גוטן כאַראַקטער, זיין א ווילער פאַרדינער און גוטער טאַטע צו מיינע קינדער!
שדכן: וואָס, איר האָט קינדער?
מיידל: ניין, דערווייל נאָך ניט.
שדכן: געוויס, געוויס (שמייכלט אונטער) יאָ, כ'וועל אייך ווייזן א קאָלעקציע פון יונגעלייט! (נעמט ארויס פון טישקעסטל אַן אַלבאָם פאָטאָגראַפּיעס)
מיידל: זיינען דאָס בילדער פון לעבעדיקע?
שדכן: פאַרגעסט ניט, אַז ביי מיר איז א שדכנים־ביוראָ און ניט קיין חברה־קדישא!
מיידל: כ'ווייס, כ'ווייס! אָבער ווי שיקט זיך עס, אַז איר זאָלט האָבן אזוי־פיל יונגעלייט — און איך קיין איינעם ניט!
שדכן: ניט נאָר יונגעלייט האָב איך, אויך מיידלעך פעלן מיר ניט! (נעמט ארויס פאָטאָגראַפּיעס פון מיידלעך).

מיידל: וואָס פּאַר אַ שיינע, אַלע „ביוטיס״!

שדכן: אויף די פאָטאָגראַפיעס זיינען אַלע מיידלעך שיינע...

מיידל: (אין די רייד) אפשר וואָלט איך אויך מאַכן זיך אַ פאָטאָגראַפיע?

שדכן: עס קאָן ניט שאַדן. אויף דער פאָטאָגראַפיע וועט איר אַמאָל ארויס־קומען פיל שענער און קליגער, ווי איר זייט!...

מיידל: (בייז) איך זע, אַז איך געפעל אייך ניט!

שדכן: מיר געפעלט איר, נאָר די יונגעלייט זיינען גרויסע איבערקלייבער! אָט ליגן ביי מיר אַזויפיל מיידלעך — און זיי קאָנען זיך ניט צוקלייבן!

מיידל: אויב אַזוי, איז צו וואָס ארויסוואַרפן געלט אויף צו מאַכן אַ פאָטאָ־גראַפיע?

שדכן: מען דאַרף פּרובירן, עס איז אַ מזל־זאַך. עס קאָן גראָד פּאַסירן, אַז אַ יונגערמאַן זאָל ארויסציען אייער פאָטאָגראַפיע און איר זאָלט אים געפעלן!

מיידל: וואָס איז ביי אייך אַ לאָטעריע־ביוראָ?

שדכן: אַ שדכנים־ביוראָ!

מיידל: וואָס זשע זאָגט איר ארויסציען?

שדכן: פאַרשטייט זיך, אַז חתונה האָבן איז פּונקט ווי שפּילן אויף דער לאָטעריע!...

מיידל: כ׳פאַרשטיי אייך ניט!

שדכן: וואָס איז דאָ ניט צו פאַרשטיין? למשל מענטשן שפּילן אַ גאַנץ לעבן אויף דער לאָטעריע און געווינען קיינמאָל ניט. מיט אַ שידוך איז אויך דאָס זעלבע, מען זוכט אַ גאַנץ לעבן און — איר האָט דאָך אַ ביי־שפּיל אייער שוועסטער!...

מיידל: לאָזט צורו מיין שוועסטער!

שדכן: ווער, חלילה, טשעפּעט אייער שוועסטער? זאָלן מיינע שונאים זיך טשעפּען צו איר!...

מיידל: איר מוזט האָבן פיל שונאים? איר האָלט אין איין דערמאָנען זיי!...

שדכן: עס פעלן מיר ניט ברוך השם קיין שונאים, ווייל גענוג שידוכים האָב איך אויסגעפירט אין מיין לעבן!...

מיידל: מיינט עס, אַז ווען איר שדכנט, ווערט אייך אַ שונא?

שדכן: ניין, ניט אַלע וואָס איך שדכן, זיינען מיר שונאים. נאָר יעניקע זיינען מיר שונאים, וואָס האָבן דורך מיר חתונה!...

מיידל: אויב אַזוי, זייט איר ניט פּאַר מיר!

שדכן: געוויס, איך האָב אַ ווייב מיט קינדער!...

מיידל: מען קאָן דאָך מיט אייך זיך גאַרניט צוזאַמענריידן!

שדכן: דאָס איז ניט אמת, מען קאָן זיך יאָ מיט מיר צוזאמענריידן. דאָס איז דאָך מיין פרנסה!

מיידל: איר רעדט און רעדט, און איך ווייס נאָך אלץ ניט, וואָס איר רעדט!

שדכן: עס איז גאָר לייכט צו וויסן וואָס איך רייד!

מיידל: וואָס רעדט איר?

שדכן: שידוכים!...

מיידל: וואָר ראָט איר מיך צו טאָן?

שדכן: איינצאָלן א דעפּאָזיט, וועל איך זען וואָס טאָן פאַר אייך!

מיידל: איר זייט א שדכן גאָר קיין נאָר ניט!

שדכן: שדכנים זיינען קיין נאַראָנים ניט!...

מיידל: יאָ, איך זע דאָס!

שדכן: וואָס הערט זיך מיטן דעפּאָזיט?

מיידל: אזוי ווי איך וויל אויך ניט בלייבן צום נאַר, וועל איך אייך דערווייל קיין דעפּאָזיט ניט געבן!...

שדכן: א מאָדנע מיידל זייט איר!

מיידל: מיידלעך דארפן זיין מאָדנע!...

שדכן: וואָס הערט זיך, איר גיט האָנט־געלט?

מיידל: כ׳וועל זיך איבערקלערן!

שדכן: (אויפגערעגט) שוין באַלד א האלבע שעה דרייט איר מיר א מוח פאר אומזיסט!

מיידל: פאר א מוח דרייען צאָלט מען ניט!

שדכן: עפּעס זייט איר דאָך א גאַנצע חכמה!

מיידל: צום שידוך קאָן דאָס ניט שאָדן!...

שדכן: און אפשר יאָ?

מיידל: דערווייל האָלט איך ניט ביים טאָן קיין שידוך, איך האָב נאָר געוואָלט פון אייך ארויסבאקומען, ווי עס קוקט אויס דער שידוכים־פּאַך.

שדכן: וואָס, איר זייט אויך שדכנטע?

מיידל: ניין, א רעפּאָרטערין פון א צייטונג!...

שדכן: איך בין ניט קיין שדכן, איך בין א פארזיכערונג־אגענט. די בילדער וואָס כ׳האָב אייך געוויזן, זיינען פון מיינע קליענטן, וועמען כ׳האָב אסעקורירט. אויב איר ווילט דעם שדכן, מוזט איר זיך מטריח זיין מיט א שטאָק העכער, אויפן פינפטן שטאָק וווינט ער!...

# אַ חלום...

עס האָט זיך מיר געחלומט אַ זיסער חלום — אַ חלום, ניט מער און ניט ווייניקער, ווי... אַז איך בין געשטאָרבן... געשטאָרבן אויף אַן אמת. כ׳האָב אפילו געהערט נאָך מיר זאָגן טרויעריק, דעם טראַדיציאָנעלן ברוך דיין אמת... מען האָט ארום מיר זיך מתעסק געווען, אַ גאַנצן פּאַראַד האָט מען געמאַכט.

אזוי, ביים לעבן, האָב איך גאָר קיין ווערט ביי קיינעם ניט געהאַט, מען האָט ריכטיק זיך ניט אומגעקוקט אויף מיר. איצט, אַז איך בין געשטאָרבן, בין איך אַלעמען געוואָרן טייער, חשוב, באַליבט. אַלע האָבן נאָר גערעדט גוטס, די פאַרביסנסטע שונאים מיינע זיינען געוואָרן מיטאַמאָל גוטע פריינד, אַרויסווייזנדיק גרויסע אכטונג און ליבע צו מיר.

די שטוב מיינע איז פול געוואָרן מיט מענטשן. די נייעס וועגן מיין טויט האָט זיך בליץ־שנעל פונאַנדערגעטראָגן. מען איז געקומען פון נאָענט און ווייט אויסדריקן מיטגעפיל צו מיין פרוי, די אלמנה און צו די קינדער, די יתומים. פריינד און באַקאַנטע האָבן שטאַרק באַדויערט מיין טויט, פיל האָבן געוויינט מיט אמתע טרערן...

ווער עס איז אַמאָל ניט געווען סימפּאַטיש צו מיר, ביים לעבן, האָט עס איצט געוואָלט פאַרריכטן מיט אַרויפגעצוווּנגענע גוטע רייד, גערירטקייט צוליבן אומגליק פון מיין טויט. ווער עס האָט אַמאָל אַרויסגעוויזן מיר אַ חזיר־פיסל, האָט איצט געמאַכט זיך פאַר אַ גאַנצן צדיק, אָנגעשטעלט אַ פרום־פּנים, געוויזן זיך מיט אַ האַרץ, וואָס איז פיל ווייכער פון פּוטער...

די וואָס האָבן אָפּגעזאָגט אין דער גרעסטער נויט פון מיין לעבן טאָן אַ טובה, באָרגן אַ גמילת־חסד, האָבן איצט געמאַכט זיך פאַר גוט־האַרציקע, האָבן גערעדט זיס, געפרעגט דער אומגליקלעכער אלמנה, די ווייב מיינע, אפשר דאַרף זי געלט, מען וועט איר העלפן, זי זאָל זיך ניט זאָרגן...

געווען פריינד וואָס האָבן געזאָגט, אַז מען דאַרף זען, אַז די לוויה זאָל זיין אַ שיינע, ווייל כ׳האָב פאַרדינט אַן אימפּאָזאַנטע לוויה, כ׳האָב קיינמאָל, ביים לעבן, ניט געהאַט קיין גוטן טאָג, זאָל איך כאָטש האָבן דאָס פאַרגעניגן, האָבן אַ שיינע לוויה: מען שטאַרבט ניט יעדנטאָג, און מער ווי איין לוויה וועל איך ניט האָבן, בין איך דערפאַר ווערט האָבן די ריכטיקע לוויה...

מיינע לאַנדסלייט, וואָס קיינמאָל זעט מען זיי ניט, האָבן זיך באוויזן און געטומלט, אז עס איז ניט וויכטיק, צי איך וועל האָבן א שיינע אָדער מיאוסע לוויה: דעם מת, ווי אזוי מען באַגראָבט, קומט זיך ניט באקלאָגן, איז צו־פרידן... עס איז וויכטיק באזאָרגן די אלמנה און יתומים, אז זיי זאָלן האָבן פון וואָס צו לעבן. זייער ברוויטגעבער, אונדזער לאַנדסמאַן, איז טויט. דאָס איז ניט קיין קלייניקייט, ווייל אז מען מען שטאַרבט איז מען טויט זייער לאַנג, ס'איז אַן אייביקייט, און בכדי דער מת זאָל רואיק ליגן אין קבר, מוז מען שאַפן א פאָנד, מען דאַרף צוטרעטן מאַכן א קאַלעקשאַן...

אנדערע האָבן געהאַלטן, אז מאַכן א קאַלעקשאַן איז ניט שייך, ס'איז א בזיון פאַרן מת. א חוץ דעם, ווי לאַנג וועט דאָס קלעקן. מען מוז זען, אז די אלמנה זאָל חופה האָבן... זי איז נאָך א גאַנץ יונג־ווייבל, זי קאָן נאָך גע־פונען א יונגנמאַן, געגנוג בעלנים וועלן זיך אָפּזוכן... איבריקנס קאָן זי נאָך ארבעטן, עס פאַסט ניט מאַכן מענטשן פאר שנאָרערס, ס'איז ניט שיין...

די קריטיקער מיינע, וואָס האָבן פון מיר געריסן שטיקער ביים לעבן, האָבן גענומען מיטאַמאָל שרייבן גאַנצע קאָלומס, געלויבט מיך מיט מיין שרייבן אלס די גרעסטע קונסט, וואָס דאַרף הייליק אָפּגעהיט ווערן לדור דורות...

מיין משפחה — ברידער, שוועסטער און אנדערע, האָבן איצט, נאָכן טויט מיינעם, גענומען ארויסווייזן א גרויסן אינטערעס צו מיר, באַדויערט זייער קאַלטקייט און אָפּגעפרעמדקייט. זיי זיינען געשטאַנען איבער מיר און גע־כליפּעט מיט אמתע טרערן און באַדויערט מיין טויט, וואָס איז אפשר שפּעט געקומען, און זיי אויסגעבראַכט א פּאָר שילינג, וואָס האָט זיי געקאָסט ביים באגלייטן מיך אויף יענער וועלט...

ביים אָפענעם קבר האָט מען געמאַכט הספדים, געזאָגט אזוי פיל ליגן, אזוי פיל פאַלשע שבחים, איבערגעטריבענע מעלות און שקרים וואָס ניט גע־שטויגן... די פאַרביסנסטע שונאים מיינע האָבן ביים אָפענעם קבר געלויבט מיך אין זיבעטן הימל אריין, האָבן ניט געהאַט קיין בושה און געמאַכט זיך פאַר־געסן די עוולות, וואָס זיי האָבן, ערשט מיט טעג צוריק, אָפּגעטאָן מיר. אלע דאָ, אויפן בית־עולם, האָבן געמאַכט פּנימער פון ערנסטע, פרומע, גוטע מענטשן, גאָרניט ווי איך האָב זיי געזען ביים לעבן. ווי פּורים־שפּילער האָבן זיי אויס־געקוקט, ווי זיי וואָלטן זיך אָנגעטאָן מאַסקעס.

ווען דער טומל ארום האָט זיך געשטאַרקט מיט דער ארויפגעצוווּנגענער איבערגעטריבנקייט, האָב איך דערפילט דעם גרעסטן עקל צו אלעמען. כ'האָב דערפילט, אז ניט מען באוויינט מיך, נאָר מען לאַכט מיך אויס — ס'איז א בלאָף. כ'האָב שטאַרק פאַרמאַכט די אויגן כדי ניט זען דאָס אַלץ, אָבער ס'איז מיר ניט געלונגען...

פונעם גרויסן טומל ארום האָב איך זיך אויפגעכאַפּט — און צו מיין גרויסן באַדויער האָב איך זיך דערזען אַ לעבעדיקן. איך האָב געטראַכט, אפשר מאַך איך אַ טעות, איך האָב זיך באַטאַפּט פון קאָפּ ביז פיס, צי לעב איך, צי בין איך טויט — און עס איז מיר אומעטיק געוואָרן אויפן האַרצן, ווען איך האָב זיך דערזען טאַקע אַ לעבעדיקן...

# ווי אַזוי מען ווערט ביי יידן אַ שרייבער

אויב עס געפינט זיך ביי אונדז א ייד א יאָלד, וואָס וויל ווערן א שריי־בער ביי יידן, איז עס גאָרניט קיין גוטער סימן מיט אים.

ער איז געוויס נים מיט אַלע חושים, עפּעס מוז זיין ניט אין אָרדענונג מיט אים.

אויב א ייד האָט זיך פאַרעקשנט און וויל דורכויס ווערן א שרייבער, אים געפעלט די זיבעטע מלוכה, — ער וויל אין איר אריינבאַקומען זיך, איז אסור דאָ וואָס מקנא צו זיין אים.

ניט אזוי גרינג קומט אָן צו ווערן א יידישער שרייבער. עס קומט אָן זייער שווער אריינקריגן זיך אין דער זיבעטער מלוכה, מען גייט דערביי דורך א שטיק גיהנום. און אז גאָט העלפט און מען ווערט שוין מיט מזל ביי יידן א שרייבער, דאַן פאַרשעלט מען זיך די יאָרן...

דאָך פרעגן זיך נאָאיווע מענטשן, ווי אזוי מען ווערט א שרייבער, וואָס פאַראַ קוואַליפיקאַציעס מוז מען דערצו האָבן און צו וועלכן זשאַנער שרייבן איז בעסער זיך נעמען.

כדי אָנצווייזן דעם ריכטיקן וועג פון ווערן א יידישער שרייבער און צו וועלכן אַרט שרייבן איז בעסער זיך נעמען, — איז מיין עצה, — ס'איז געוואונטשן בכלל זיך ניט נעמען צו שרייבעריי...

אָבער אויב א מענטש קאָן זיך ניט באהערשן, קאָן זיך ניט אָפּזאָגן פון דער שרייבער־מאַניע און וויל דאָך ווערן אַ פעןְ־מענטש, דארף ער קודם כל אויסגעפינען צו וואָס ער איז פעאיק, צו וועלכן זשאַנער. עס איז אַלץ אָפּהענגיק פון זיין כאַראַקטער...

אז איינער האָט א נייגונג קריגן זיך און מאכן א תל פון אנדערע, קאָן אזא איינער, בלי ספק, זיין א פעאיקער יידישער קריטיקער.

אויב איינער קאָן דערציילן מעשיות, וואָס זיינען ניט געשטויגן און גע־פלויגן און מאַכט דערביי אַן ערנסטן פנים, ווער אזא פאַרשוין געוויס זיין פעאיק שרייבן פאָליטישע אַרטיקלען.

אויב איינער האָט געפירט א ליבע יאָרנלאַנג, און לסוף איז ער פארבליבן אַן אַלטער בחור, ווער אזא איינער זיין פעאיק שרייבן ראָמאַנען מיט המשכים...

אויב איינער האָט א טבע צו זיין אלעמאָל פארזויערט, מיט א פארקרומטן פנים, וואָס ווארפט אַן אַן אימה, און האָט נאָך די פעאיקייט אַן אויפהער נודיען, אזא איינעם פּאַסט צו זיין א יידישער הומאָריסט...

אויב א ייד מיט פארטרוימטע אויגן קאָן אָנשרייבן עטלעכע פּאָעטישע שורות, וואָס קיינער פארשטייט זיי ניט — און ער אליין אויך ניט, — אזא איינער ווערט גאָר גיך א מאָדערנער פּאָעט...

אויב איינער קאָן צוזאַמענפירן א וואַנט מיט א וואַנט, און ער איז אַן ענערגישער מענטש, האָט ער די קוואַליפיקאַציעס אָנצופירן אין א צייטונג מיט א שידוכים־ווינקל...

און אז א ייד האָט נאָז און אויערן און ווייסט וואָס עס טוט זיך ביי יענעם אין טעפּל, אזא איז געוויס פעאיק צו ווערן דער נייעס־רעדאַקטער...

אויב איינער קאָן נעבעך ניט שרייבן, ווייסט ניט קיין צורת אות, ווערט ער א קאָרעקטאָר אין א יידישער צייטונג...

# אָך און ווײ!

עס זײַנען נאָך פֿאַראַן נאַאיווע ייִדן, וואָס שרײַבן ייִדישע ביכער — און ווילן זײ פֿאַרקויפֿן. זײ פֿוילן זיך ניט לויפֿן איבער ייִדישע הײַזער, צו אײַנריידן קויפֿן א ייִדישן בוך . . .

יאָגט זיך דער עקשנותדיקער שרײַבער מיטן פּאַק ייִדישע ביכער, שלעפּט זיך מיט זײ אין די טראַמװײען און אויטאָבוסן, איבער פֿאַרשיידענע געגנטן און גאַסן; רעדט אײַן, באַט אַן ייִדן קויפֿן פֿון אים א בוך. פֿיל קוקן אויף אים פֿאַרוואונדערט, אַנדערע חוזקן פֿון אים פֿאַר זײַן אָנבאָט קויפֿן א ייִדיש־בוך. מען עצהט אים נעמען זיך צו בעסערע געשעפֿטן, ווי צו האַנדלען מיט ייִדישע ביכער, ווײַל ס׳איז ניט קײן סחורה.

אַמאָל איז ייִדישע ביכער געווען א מסחר, ייִדן האָבן זײ געקויפֿט: עס זײַנען געווען יונגע און אַלטע ייִדישע לייענער. עס זײַנען געווען קינדער, טאַטעס מיט מאַמעס, זיידעס מיט באָבעס, וואָס האָבן אַרײַנגעקוקט אין א ייִדיש בוך, אָבער ניט הײַנט. הײַנט לאַכן די יונגע אָפּ פֿון א ייִדיש־בוך, און די אַלטע שטאַרבן אויס; אַנדערע שעמען זיך גאָר, ווילן ווײַזן, אַז זײ זײַנען געוואָרן מאָדערנע מענטשן, האָבן זײ דעריבער אויפֿגעהערט לייענען ייִדישע ביכער — זײ האָבן בכלל אויפֿגעהערט לייענען . . .

ווען עס האָט דער ייִד, דער פֿאַרשפּרייטער פֿון ייִדישן בוך, פֿאַרגעלייגט א ייִדן קויפֿן פֿון אים א בוך פֿון א באַרימטן ייִדישן שרײַבער, האָט יענער זיך פֿונאַנדערגעלאַכט מיט ספּאָזמעס, האָט דאָס שטאַרק איבערגעשראָקן דעם פֿאַר־קויפֿער. ער האָט זיך גיך אָפּגעטראָגן און האָט באַקומען א חשד, אַז ער האָט פֿאַר זיך א לונאַטיקער, א משוגענעם.

מענטשן האָבן תּירוצים, אַז זײ האָבן ניט קײן צײַט לייענען ביכער. אין יעדן ייִדיש־הויז וואַלגערן זיך אויפֿן בוידעם, קעלער, אָדער גאַראַזש געניצט ביכער. ווער האָט צײַט אײַן זײ צו קוקן. מען איז דאָך פֿאַרנומען מיט ביזנעס, בײַטאָג און בײַנאַכט — מיט קאָרטן.

פֿאַראַן א סאָרט ייִדישע קונים פֿון א ייִדיש־בוך, וואָס ווילן, אַז דאָס בוך זאָל זײַן געדרוקט מיט גאָלדענע אותיות: עס פּאַסט זײ ניט, אין זייערע רײַכע

הייזער האָבן ביליגע ביכער! אנדערע פאַרלאַנגען, אז די יידישע ביכער זאָלן זיך אָפּגעבן מיט די פּראָבלעמען פון ספּאָרט, געבן אָנווייזונגען ווי שפּילן גאָלף, ראָגבי, סאָקער. פּרויען ווילן האָבן ביכער, וואָס זאָלן זיי אויסלערנען, ווי קאָכן, ווי מאַכן פיינע „פּודינגס", ווי פאַרבן זייערע האָר, ווי האָבן דערפאָלג ביי מע־נער, ווי אזוי ניט אַלט צו ווערן — אזעלכע ביכער ווילן זיי.

און אז אונדזער ייד קומט אריין אין א יידיש־הויז און ווייזט זיין סחורה, — די יידישע ביכער, קוקט מען אויף אים מיט חידוש: אַן איינפאַל פאַרצולייגן קויפן די זשאַרגאָנישע בוקס! שוין ניט געפונען קיין בעסערע סחורה צו פאַר־קויפן! — מען האַנדלט מיט זייף, מיט ציין־פּאַסטאַ, מיט זאָקן, נאָז־טיכלעך, פּאָדעם, שיך־בענדלעך און ניט מיט קיין ביכער, נאָך יידישע ביכער דערצו!

איצט איז דער שרייבער געוואָרן א מענטש. ער פאַרקויפט שוין ניט קיין יידישע ביכער, ער האָט דאָס אויפגעגעבן. עס איז אים גוט, קיינער באַ־ליידיקט אים מער ניט. מען נעמט אים אויף פיין אין יעדער יידישער שטוב. ער האַנדלט איצט מיט סיגאַרעטן, שוועבעלעך, זייף, אונטערוועש און קאַרטן. דאָס לעצטע אַרטיקל גייט ביי אים זייער גוט, אלע קויפן עס! ער באַדויערט, וואָס ער האָט אזוי פיל יאָרן זיינע אוועקגעגעבן אויף גאָרניט, געפּטרט די שענסטע צייט פון זיין לעבן מיט פאַרשפּרייטן יידישע ביכער. ערשט איצט, נאָך אזוי פיל יאָרן, האָט ער אויסגעפונען וואָס יידן קויפן, וואָס זיי דאַרפן און נייטיקן זיך — זיי דאַרפן ניט קיין יידישע ביכער, זיי נייטיקן זיך ניט אין זיי. גיט זיי קאָרטן, קאָרטן ווילן זיי האָבן, אָן דעם קאָנען זיי ניט לעבן. אין יעדן יידיש הויז וויל מען האָבן א פּאָר פּעקלעך קאָרטן... ס'איז ניט קיין בוך, וואָס אז מען האָט שוין געטאָן די טובה און געקויפט, האָט מען עס שוין אויף דור־דורות. גאָר אנדערש איז מיט קאָרטן: מען דאַרף דאָס האָבן פאַר זיך, פאַר פריינד, פאַר קינדער, פאַר טאַטע־מאַמע, פאַר זיידע־באָבע, פאַר געסט, פאַר שכנים, און אז יידן מאַכן א שמחה, איז די שמחה קיין שמחה ניט אָן קאָרטן...

אז יידישע שרייבער זאָלן האָבן שכל, וואָלטן זיי מער ניט געדרוקט קיין יידישע ביכער. ס'איז ניט קיין סחורה. קאָרטן דאַרפן זיי דרוקן, ס'איז א גו־טער מסחר, א טייער אַרטיקל, עס פאַרקויפט זיך לייכט צווישן אחינו בני ישראל. יעדער דאַרף דאָס, מען קאָן גאָרניט לעבן אָן דעם. אָבער יידישע ביכער — ווער דאַרף זיי היינט, ווער?... אָך און ווי!

# כ׳האָב אים געשיקט לעזאזל

איך האָב אַמאָל געזוכט פאַר וועמען לייענען מיינע הומאָרעסקעס, עס איז אָבער גאָרניט געווען אזוי לייכט אזעלכן געפינען. וועמען איך האָב גע־בעטן מיך אויסצוהערן, מיר דערלויבן פאָרצולייענען מיינע הומאָרעסקעס, האָט מען מיר אָפּגעזאָגט: מען האָט ניט קיין געדולד, האָט מען מיר געזאָגט, מען דאַרף ניט קיין הומאָר, עס איז אזוי אויך גענוג טרויעריק אויפן האַרצן...

איינמאָל איז מיר דאָך געלונגען געפינען אַן אַלטן אַפריקאַנער בחור, וואָס האָט איינגעשטימט אויסצוהערן מיינע הומאָרעסקעס, מיך פאָרלייענען, נאָר בתנאי, אז איך וועל אים דערפאַר יעדע וואָך ארויסנעמען אין א קינאָ אָדער טעאַטער.

האָב איך איינגעשטימט נעמען יענעם אין קינאָ און אין טעאַטער, און דערפאַר האָב איך פאַר אים פאָרגעלייענט מיינע אָנגעשריבענע הומאָרעסקעס.

שפּעטער איז מיין פריינד נמאס געוואָרן דער קינאָ מיטן טעאַטער, פונקט ווי עס איז אים נמאס געוואָרן הערן פאָרלייענען פאַר אים מיינע שאַפונ־גען. האָט ער זיך אויסגעדונגען, אז פאַרן לייענען פאַר אים מיינע הומאָרעס־קעס וויל ער עפּעס האָבן, עס זאָל זיך אים לוינען — און ער האָט פאַרלאַנגט א גוטן אָנצוג.

האָב איך איינגעשטימט יענעם קויפן אַן אָנצוג און איך זאָל קאָנען ווייַ־טער פאָרלייענען פאַר אים מיינע זאַכן. ער האָט אָבער ניט געוואָלט קיין פאַר־טיקן אָנצוג, נאָר א גוטן אָנצוג, כ׳זאָל אים באַשטעלן ביי זיין שניידער. ער האָט א לאַנדסמאַן א שניידער, א גוטער שניידער, וואָס הייסט זיך גוט באַ־צאָלן. האָב איך צוגעשטימט און נאָך געמוזט אים קויפן א פּאָר זיידענע העמ־דער מיט פיינע קראַוואַטן...

שפּעטער האָט מיר יענער אָנגעזאָגט, אז ער וועט ניט זיין בכוח אלע־מאָל קומען צו מיר הערן מיך לייענען מיינע הומערעסקעס. אויב איך וויל, אז ער זאָל הערן מיין פאָרלייענען, וויל ער דערפאַר — וווינען אין מיין הויז...

האָב איך אויך איינגעשטימט, אז יענער זאָל וווינען אין מיין הויז. איך האָב אים אלץ נאָכגעגעבן, נאָכגעגעבן אלע זיינע משוגעתן, וואָס ער האָט נאָר

פאַרלאַנגט. ער האָט מיך אָפּגעוווינט אויפצומאַכן דעם ראַדיאָ, מחמת ער גלייכט ניט קיין מוזיק, און מיך פאַרווערט אויפצומאַכן א פענצטער אפילו אין די גרעסטע היצן, מחמת ער האָט א נייגונג, זאָגט ער, צו פאַרקילן זיך. ער האָט מיר אויך פאַרווערט איינצולאַדן אין הויז מענטשן. ער גלייכט ניט קיין מענטשן. צוליב אָט דער סיבה האָט ער ניט חתונה געהאַט און פאַרבליבן אַן אַלטער אַפּריקאַנער בחור. ער האָט ליב רו, שטילקייט — און די איינזאַמקייט . . .

האָב איך יענעם אַלץ נאָכגעגעבן, ניט געעפנט דעם ראַדיאָ, ניט געעפנט די פענצטער, ניט פאַרבעטן אין הויז קיין מענטשן. אין שטוב איז געוואָרן שטיל און פוסט, ווי אויף ליטעראַרישע פאַרטראַגן, און דושנע ווי אין א קעלער. אָבער איך האָב אַלץ אָנגענומען פאַר ליב, אַבי איך האָב געהאַט פאַר וועמען פאַרלייענען.

שפּעטער האָט יענער מיר גענומען צאַפּן דאָס בלוט, אז די עסנס וואָס מיין ווייב קאָכט, געפעלן אים ניט. ער גלייכט ניט קיין געזאַלצענע עסנס, ער גלייכט ניט קיין פליישיקס. ער ליבט בעסער מילכיקע מאכלים מיט גרינוואַרג, — און דאָס הויז־מיידל מוז איך משלח זיין, אָפּזאָגן איר. ער גלייכט איר ניט . . . און איך, דער שוטה־בן־פּיקהאַלץ, האָב אַלץ געטאָן וואָס יענער האָט פאַרלאַנגט.

איך האָב געפּועלט ביי מיין ווייב, אז זי זאָל אויפהערן קאָכן געזאַלצענע עסנס, פליישיקע מאכלים און מיר האָבן אָנגעהייבן לעבן, ווי בהמות. מיר האָבן גענומען עסן גרינוואַרגן מיט שאר־ירקותן, וואָס נאָר בהמות עסן עס. דאָס דינסט־מיידל האָבן מיר אַוועקגעשיקט, ווי עס איז געווען דער פאַרלאַנג און ווונטש פון מיין פריינד — און זאָל ער מיר ניט שטערן דאָס פאַרלייענען פאַר אים מיינע הומאָרעסקעס . . .

א ביסל שפּעטער האָט שוין יענער פאַרלאַנגט, אז מיר זאָלן זיך ארויסציען פון אונדזער הויז: עס געפעלט אים ניט דאָס הויז, עס געפעלן אים ניט די שכנים, און עס געפעלט אים ניט די געגנט. האָב איך אים צוליב געטאָן און אויסגעטוישט דאָס הויז מיטן געגנט און מיט די שכנים. איצט האָב איך געהאַפט צו האָבן מנוחה און קאָנען אָנגיין מיט מיין ארבעט...

אָבער איינמאָל האָט מיר יענער דערקלערט, אז מיין שרייבן געפעלט אים ניט מער. אמאָל האָב איך בעסער געשריבן, האָט ער מיר דערקלערט. ביי די ערשטע שורות פאַרלייענענדיק, האָט ער שוין געשמאַק געשלאָפן . . . היינט נעמט אים צייט, ביז ער כאַפּט א דרימל. איז אויב איך וועל אזוי אָנגיין מיט מיין שרייבן, ווי לעצטנס, וועט ער מיר מוחל זיין אַלץ מיט אַנאַנדער און

מיך פאַרלאָזן. ער וועט אָוועק, ביי אים איז דער שלאָף טייערער פון אַלץ, טייערער פאַר מיין שרייבן מיט מיר צוזאַמען...

דאָ האָב איך שוין ניט געקאָנט נאָכגעבן און באַשלאָסן מיין פריינד משלח צו זיין — און געשיקט אים לעזאזל, און איך בין געבליבן אַן א צוהע־רער. אָבער עס מאַכט ניט אויס, איך האָב נאָך גוט אָפּגעשניטן.

# דער שרייבער און לייענער

איך האָב, אַן עין הרע, פיל לייענער, לייענער אין דער וועלט, אין פאַר־שיידענע לענדער.

איך האָב אַלערליי לייענער: עלטערע און יונגע; לייענער פון כל המינים.

איך האָב לייענער, וואָס זאָגן זיך ארויס זייער מבינות און אָפּשאַצונג, און איך האָב אויך לייענער, וואָס לייענען מיך נישט...

איך האָב לייענער וואָס קריטיקירן מיך: עס געפעלט זיי ניט מיין שרייבן. זיי לייענען מיך נאָר דערפאַר, בכדי מיך קריטיקירן...

איך האָב לייענער ערגעץ אין די ווייטע מרחקים, וואָס פרייען זיך מיט מיין שרייבן. זיי שרייבן מיר, אמאָל, א גוטמוטיק־בריוול, דריקן אויס זייער פרייד און אָנטציקונג פאַר מיין שרייבן, פאַר מיינע טעמעס.

איך האָב אויך לייענער, וואָס ווייסן ניט מיין אדרעס און שרייבן מיר ניט קיין בריוו.

ערגער איז מיט די לייענער, וואָס וווינען אין זעלבן לאַנד, ווו איך וווין. זיי ווייסן שוין, אָדער געפינען לייכט אויס מיין אַדרעס, און עס איז אסור ניטאָ וואָס מיך מקנא צו זיין...

אזעלכע יידן פוילן זיך ניט און שרייבן גאָר אָפּט בריוו, מען גיט מיר טעמעס וועגן וואָס שרייבן: מען וויל נאָר יענעם אריינזאָגן. נאָר חלילה, ווען מען זאָגט זיי אריין, איז הימל עפן זיך...

כ׳האָב לייענער, וואָס געפינען זיך גאָר נאָענט ארום מיר, אין דער זעלבער גאָלדענער יאָהאַנעסבורג, ווו איך וווין. איך באַגעגן זיי אָפּט פנים אל פנים, און ניט איינמאָל פילט מען, וואָס פאַר א שיין פנים מען האָט ביי זיי...

פאַראַן לייענער וואָס האָבן טענות, פאַרוואָס מען האָט געשריבן וועגן דעם און דעם ענין און ניט וועגן אַן אנדערן ענין. פאַרוואָס מען שרייבט ניט דאָס, וואָס אַפּעלירן צו זייער געוויסן.

פאַראַן לייענער וואָס זיי געפעלט גאָרניט וואָס מען שרייבט. זיי געפעלט, אפשר, ליבער און בעסער דאָס ניט געשריבענע און ניט געדרוקטע.

פאראַן לייענער וואָס וואָלטן געוואָלט, אז א ציטונג אָדער בוך, זאָל פאר זיי זיין א וועגווייזער ווי צו מאַכן געלט, ווי צו ווערן רייך, ווי אזוי צו געווינען דאָס גרויסע געווינס, אָדער ווי צו לעבן אייביק...

און אויב דער אָרעמער שרייבער איז ניט פעאיק דערצו — צו ווערן פאר זיינע לייענער דער וועגווייזער — ווייזן זיי דעם שרייבער דעם וועג...

איך האָב אַמאָל געהאַט א ייד, א לייענער, וואָס פלעגט מיר יעדער פרייטאָג אָפּשטאַטן א וויזיט, נאָכן איבערלייענען מיינע אַרטיקלען. בעת זיין באזוך האָב איך שוין געזען, וואָס דער ייד האָט צו זאָגן. פון זיינע אויגן האָב איך ארויסגעלייענט, וואָס דער ייד האָט געלייענט, און ווי עס האָט אויף אים געווירקט: איז דער ייד געווען צופרידן, אָדער איינשטימיק מיט מיין שרייבן, האָב איך דאָס גלייך דערקענט אין אים. אויב יענער איז ניט געווען צופרידן, האָב איך דאָס אויך דערקענט: זיין פּנים איז געוואָרן פארענדערט, א זויערע מינע האָט ער מיר אקעגן געטראָגן, ווי איינער זאָגט: אָט אזא טעם האָט דיין שרייבן...

פאַראַן לייענער וואָס האָבן גרויס רעספּעקט פאר א שרייבער און פאַראַן לייענער וואָס ווילן, אז רעספּעקט זאָל האָבן דער שרייבער פאר זיי.

ביי געוויסע לייענער קוקט א שרייבער אויס א לא יוצלח, א שלימזל, א טויגעניכטס, אן איבעריק באשעפעניש אויף גאָטס וועלט, ווייל, וואָלט יענער געווען א לייט, וואָלט ער דאָך ניט זיין קיין שרייבער.

איך האָב טאַקע פיל אזעלכע לייענער, וואָס שעמען זיך ניט דאָס צו זאָגן, הגם לפּנים וועגן זאָגן זיי, אז זיי מיינען חלילה ניט מיך, נאָר אנדערע...

דאָך איז גוט אז דער שרייבער האָט א קאָנטאַקט מיט זיינע לייענער. ער קאָן אמאָל אין וואָרט און שריפט זיך דורכשמועסן מיט אים. מען הערט א לעבעדיק וואָרט, דאָס ארויסזאָגן — און אריינזאָגן...

אז א שרייבער קאָן זיין לייענער, האָט ער אן אדרעס ווו אריינצושיקן זיינס א ניי־דערשינען בוך, וואָס ווערט, אפשר, פארשימלט ביי יענעם ליגנדיק אומבאַצאָלט — און בינו לבינו קויפט זיך דער שרייבער איין — א פיינד...

און קיין פיינד, ברוך השם, פעלט ניט א יידישן שרייבער. הלוואי וואָלט ער געהאַט א הונדערטער פאר יעדן פיינד, וואָלט ער געווען א גאַנצער מיליאָנער...

# קלאָגט זיך אַ רעדאַקטער

האָט אַ רעדאַקטער פון אַ יידישער צייטונג אראָפּגערעדט זיך פון האַרצן:

איר ווייסט דאָך, אַז איך בין אַ רעדאַקטער־אַרויסגעבער. ניט סתם אַ רעדאַקטער. איך בין אַ רעדאַקטער־אַרויסגעבער פון אַ יידישער צייטונג, און אַרויסגעבן אַ יידישע צייטונג ווייסט איר דאָך, איז ניט פון די לייכטע זאַכן, ס'איז ניט קיין האָניג־טייגל...

ביי יידן אַרויסגעבן אַ צייטונג איז ניט ווי ביי די אומות־העולם. יענע גיבן אַרויס צייטונגען און ווייסן ניט דעם ביטערן טעם, ווי ביי אונדז יידן. עס איז אַן אומדאַנקבאַרע אַרבעט און מען ווערט פון קיינעם ניט באַלוינט.

איך האָב נאָך ניט געזען קיין איין יידישן רעדאַקטער, וואָס זאָל באַקו־מען אַ גאָלדענעם מעדאַל. דאָס איינציקע וואָס אַ יידישער רעדאַקטער באַקומט יאָ — איז שונאים! און עס זיינען פאַראַן אַזוינע רעדאַקטערן וואָס באַקומען קלעפּ אויך...

עס איז נישטאָ נאָך אַ מענטש, וואָס זאָל האָבן אַזויפיל שונאים, ווי אַ יידישער רעדאַקטער, און נאָך וואָסערע שונאים! כ'האָב אַמאָל, אויף טשיקאַ־וועס, אויסגערעכנט וויפיל שונאים אַ יידישער רעדאַקטער האָט, ס'האָט זיך באַקומען אַ גרויסער ציפער, אַ גאַנצע אַרמיי פון שונאים.

אַ יידישן רעדאַקטער זיינען שונאים די לייענער, מיטאַרבעטער, קאָ־רעספּאָנדענטן, די אַנאָנסן־געבער, זעצער, דרוקער, צייטונגס־פאַרשפּרייטער, און חוץ זיי קומט ערשט צו אַ גאַנצע ריי געזעלשאַפטן, פּאַרטייען, חברות און יחידים.

פאַראַן שונאים אַזעלכע, וואָס זייער שנאה גייט אַריבער יעדע גרענעץ. אַנדערע טוען עס באַהאַלטן, אַנדערע ווייזן עס אַרויס אָפן מיט פאַרוואָרפן און דראָונגען.

אַ יידישער רעדאַקטער שטייט אויס פיל צרות פון יידן, וואָס ווילן שרייבן אין צייטונג, שיקן זייער שרייבעכץ און וואַרטן, אַז מען זאָל זיי דרוקן. אַז יענע ווערן ניט געדרוקט, ווערן זיי שוין שונאים, באַיקאָטירן שוין די צייטונג...

פאַראַן יידן וואָס מיינען, אַז די צייטונג איז זייערע און מען דאַרף זיך רעכענען מיט זייער מבינות, און אויב אַ ייד קומט אין רעדאַקציע מיט פּלענער, ווי אַזוי מען דאַרף אַרויסגעבן די צייטונג, וועלכע נייעס מען זאָל יאָ דרוקן און וועלכע ניט, און אַז מען נעמט ניט אָן דעם יידנס פאָרשלאָגן, ווערט ער אַ שונא פון רעדאַקטער און פון דער צייטונג...

פאַראַן יידישע לייענער, וואָס ווילן אַז מען זאָל דרוקן אין צייטונג מלחמות מיט אויפשטאַנדן. און אַז אַזאַ ייד עפנט אויף די צייטונג און געפינט ניט קיין מלחמות מיט אַ רעוואָלוציע, צערייסט ער די צייטונג און פאַלט אַריין אין אַזאַ רציחה, אַז ווען ער זאָל האָבן אונטערן האַנט דעם רעדאַקטער, וואָלט ער אים דערוואָרגן, אַ מת פון אים געמאַכט...

פאַראַן אַנדערע לייענער, וואָס זיינען שוין מילדערע. זיי ווילן האָבן אין צייטונג נייעס, ווי שרפות, גנבות, מאָרדן, פאַרגוואַלדיקונגען, עפּידעמיעס, זעלבסטמאָרדן, אַפּערעס, רויבערייען וכדומה...

פאַראַן ווידער אַנדערע לייענער, וואָס זוכן אין צייטונגען פאַלשע ראָמאַנען, אָפּגענאַרטע ליבעס, גע׳גטע ווייבלעך, אָפּגעלאָזטע שידוכים, עראָטישע געשיכטעס...

פאַראַן רעליגיעזע יידן, וואָס זוכן אַנדערע נייעס אין דער צייטונג. זיי ווילן וויסן ווען עס קומען די דריי וואָכן, די ניין טעג, ווען עס פאַלט אויס שבת מברכים, ווען מען דאַרף מחדש לבנה זיין, ווען דער מולד איז, ווען עס איז אָן איבעריאָר, ווו מען קאָן פאַרקויפן דאָס חמץ — און אויב אַזאַ ייד געפינט ניט די אַלע גייטיקע נייעס, קויפט ער מער ניט איר, ער דאַרף ניט אַזאַ צייטונג וואָס דרוקט ניט זיינע וויכטיקע זאַכן...

פאַראַן יידישע פרויען, וואָס ווילן אַז די צייטונג זאָל איר יעדן טאָג געבן לעקציעס ווי צו קאָכן, באַקן, בראָטן און ווי מאַכן געהאַקטע הערינג. אַנדערע ווילן אָנווייזונגען וועגן שטריקן, נייען, פּרעסן און ווי אָנצוגיין מיט ניי־געבאָרענע עופהלעך...

אָט אַזוי, לערך, קוקט עס אויס די לאַגע פון אַ יידישן רעדאַקטער און אַרויסגעבער פון אַ יידישער צייטונג.

# גיט מיר אָפּ מזל־טוב!

צום ערשטן מאָל אין מײַן לעבן, בין איך געוואָרן א ייִדע. מײַן טאַטער האָט מיט מזל געבאָרן א זונעלע און מיך געמאַכט פֿאַר א ייִדע.

שטעלט איך פֿאַר, אז איך בין אין מײַן לעבן, אין מײַנע קרוב 5 צענדלינג יאָר געוועזן אַלץ — נאָר ניט קיין ייִדע. דעם טעם פֿון א ייִדע האָב איך קיינמאָל ניט געוווּסט.

איך בין געוועזן אַלץ אין לעבן: געוועזן א משרת, א מצה־רעדלער, א וואַסער־גיסער, א בר־מצוה בחור, א לײַדיקגייער, א חתן, א קעסט־ אײדעם, אַן אַרבעטלאָזער, געוועזן אַלץ, נאָר ניט קיין ייִדע.

איצט האָב איך באַקומען א נײַעם נאָמען: ייִדע, רופֿט מען מיך.

בעת מען טוט מיך א רוף — ייִדע, דערשרעק איך זיך. א גרײַזגראָער פּחד באַפֿאַלט מיך, עפּעס א קלייניקייט — ייִדע. אָבער באַלד דערפֿיל איך זיך בעסער, א גאַנצער יחסן מיטאַמאָל געוואָרן...

איצט קוקט מען אויף מיר מיט דרך־ארץ, מיט רעספּעקט. כ׳בין שוין מער ניט קיין יונגער שנעק, קיין ייִנגעלע — א ייִדע בין איך דאָך!

אַנדערע טוען איבער מיר שפּאַסן, קיבעצען מיך: — איי, שוין אָפּגעפֿאָרן, שוין ניט קיין יונגערמאַנטשיק, שוין א זקן — א ייִדע איז ער דאָך שוין!

אַנדערע ווידער זאָגן צו מיר אַזוי: — זעט נאָר דעם ייִדן, ער קוקט דאָך אויס אַזוי יונג, אַזוי קינדיש, האָט דאָך גאָרניט קיין פּנים פֿון א ייִדן! ניט קיין גראָע באָרד, ניט קיין פּליך, אַפֿילו קיין ייִדעשן הוסט האָט ער ניט, גאָרניט ווי קיין ייִדע!

און אַנדערע מאַכן נאָך מער קאָמפּלימענטן מיר, ווילן מיר לײַכטער מאַכן און זאָגן: — עס איז בעסער און שענער צו זײַן א יונגער ייִדע, ווי אַן אַלטער בחור. כ׳האָב גוט געטאָן, וואָס כ׳בין געוואָרן א ייִדע.

א לאַנדסמאַן האָט מיר געדריקט די האַנט ביז ווייטאָג און געזאָגט צו מיר: — הער זיך אײַן, הערשל, דו ביסט א ייִדע, וועסט א ייִדע זײַן אויף לאַנגע יאָר, אָבער דו וועסט ניט זײַן אַלט. וועסט ניט זײַן קיין זקן, איך קאָן דיך צו גוט. ס׳איז ניט דײַן זשאַנער צו זײַן אַלט... דו וועסט זײַן א ייִדע — און יונג!

א יונגע פרוי האָט מיר געזאָגט, אז פרויען זיינען ניט גלייכגילטיק צו... ווידעס. איצט הייבט זיך פאַר מיר אָן א נייע צייט, די צייט פון געפעלן ווערן דעם שיינעם מין...

עס קומען פון אלע זייטן פארשיידענע קאָמפלימענטן, צוליב דעם, וואָס איך בין געוואָרן א ווידע.

אָבער מזל טוב מעגט איר מיר אָפּגעבן, כ׳בין א ווידע. אפשר פון איצט אָן, וועלן מענטשן פאַר מיר האָבן רעספּעקט, דרך־ארץ. אפשר וועל איך איצט באקומען קרעדיט, אפשר וועט מיר לייכטער זיין, אלס ווידע, באקומען א גמילת־חסד. אפשר וועט מיין ווידעשע דאָליע זיין א בעסערע.

מיין מזל ביז אַהער ווייס איך שוין. מייך מזל אלס ווידע — בלייבט מיר זיך דערקונדיקן, כ׳מוז האָבן געדולד. אז איך האָב געהאַט געדולד ביז כ׳בין געוואָרן א ווידע וועל איך האָבן געדולד אַלס ווידע אויך. דערווייל, פאַר־געסט ניט, גיט מיר אָפּ מזל־טוב — כ׳בין געוואָרן מיט מזל א ווידע!

# פופציק יאָר מיינע

געוואָרן די טעג א בן חמישים — א פופציקער. אָפּגעלעבט אָדער זיך אָפּגעמוטשעט 50 יאָר. א קלייניקייט פופציק יאָר! איין טאָג מוטשען זיך, איז דאָך א יאָר, טאָ מאכט א חשבון וויפל יאָרן איך האָב געמוטשעט זיך...

כ'האָב געמוזט זיין א ריז, א גבור, א גרויסער העלד, אז נאָך אזוי פיל מוטשען זיך, האָב איך דערמוטשעט זיך פארצייכענען די דאַטע פון פופציק יאָר...

פון דעסטוועגן איז דאָס ביי מיר א גרויסע שמחה, ווייל ניט יעדן מאָנטאָג און דאָנערשטאָג ווערט מען אַלט פופציק יאָר. באזונדערס גרויס איז די פרייד פאַר אזא גבור ווי איך בין...

ביי אנדערע מיינט פופציק יאָר, א העלפט פון לעבן, ביי אנדערע — גאָר ווינציקער, און ביי מיר מיינט עס — א לעבן.

אז מען טוט א צעבייט א פינף צענדלינג יאָרן, אז מען צוטרענצלט 50 קיילעכדיקע יאָרן, ווערט נישט־איבעריק היימלעך אויפן האַרצן. אזוי אומגעפער פיל איך — און מיט ציטערדיקע שפּיץ־פינגער ריר איך אָן דאָס זעקסטע צענטל פון מיין לעבן...

אין מיינע פופציק יאָר, האָב איך מער פון א העלפט פארנומען זיך מיטן שרייבן, גאָר יונג געוואָרן א פען־האַלטער — און היינט האַלט מיך די פען. פאראַן אזעלכע וואָס זאָגן, אז פון מיין האלטן די פען, איז ניט אויסצוהאַלטן...

אין מיין לעבן געשריבן פיל, געשריבן בריוו, געשריבן וועקסלען, געשריבן תנאים, אלס יינגל געשריבן אויף די ווענט, אויף די פלייצעס, אויף טיש און בענק — און אָט אזוי געוואָרן ביי יידן א שרייבער...

אלס שרייבער האָב איך אָנגעשריבן צענדלינגער, הונדערטער — און אפשר טויזנטער ארטיקלען, פעליעטאָנען, הומאָרעסקעס, לאַכערייקעס, מעשיות און נודנערייען. אָנגעשריבן און אָפּגעדרוקט עטלעכע ביכער, אנדערע ליגן אָנגעשריבן און וואַרטן אויסגעלייזט צו ווערן. אָבער פון גאַנצן שרייבן און ביכער מיינע, וואָלט איך, ליבערשט, געוואָלט איין איינציק גוט באַנק־ביכל...

כ'האָב פריינד וואָס זאָגן מיר, אז איך קוק אויס גאָר יונג, גאָרנישט ווי א בן־חמישים. האָב איך אָבער א חשד אויף יענע, אז זיי קוקן אויף מיר שלעכט, אָדער אפשר קוקן זיי בכלל אויף מיר נישט...

ביי געוויסע מענטשן איז פופציק יאָר א קליינינקייט, א חוזק — פופציק יאָר איז מען נאָך, — זאָגן זיי, — א שנעק, א יונגער צוציק — א גאָרנישט. קוקט מיר אויס, אז מען האַלט מיך פאר א צוציק, א שנעק, א גאָרנישט, אָדער מען מאַכט פון מיר א חוזק.

איך נעם זיך דערפון ניט צום האַרצן, ווייל אויך איך, מיין גאַנץ לעבן, האָב נישט איינמאָל געשפּילט מיט דער לייכטזיניקער שפּיל פון הומאָר און חוזק. מען האָט מיר אָבער איינגערעדט, אז דאָס איז א סגולה אויף אויפ־צוהאַלטן דאָס לעבן, דאָס איז א שטיק אמת, א סימן — איך האָב זיך דערשלאָגן צום ציפער פופציק.

א קלוגער ייד, א באַקאַנטער מיינער, וואָס איז שוין קרוב אָן אכציקער, אָן עין הרע, האָט צו מיר געזאָגט, אז איך מאַך א טעות אינעם חשבון מיינעם; ניט איך בין געוואָרן 50 יאָר אַלט, נאָר צען יאָר; — „לאָיף בעגינס עט פאָרטי״, האָט ער אויסגעפירט.

איך מאַך זיך א חשבון: פופציק יאָר, פופציק ווינטערן און זומערן, פופציק פרילינגס און הארבסטן, האָבן מיינע פופציק יאָר זיך אויסגעשטעלט ווי די זעלנער, פריילעכע און אומעטיקע, געזונטע און קראַנקע, שטיפערישע און זאָרגפולע, טרוימערישע און אנטוישטע — און די איבעריקע נאַרישע, לאַנג־וויילעקע, אַפּאַטישע, נודנע און אָן א טעם.

איך מאַך זיך א שטיקל חשבון־הנפש פון מיינע פופציק יאָר, וויפל פריינד און וויפל שונאים איך האָב זיך דערוואָרבן אין די פינף צענדלינג יאָר. די לעצטע, זע איך, האָב איך פיל. נו, ס׳איז דאָך פאַרשטענדלעך, אז שונאים איז לייכטער באַקומען און שווערער פון זיי פטור צו ווערן...

און פירנדיק אזוי דעם חשבון ווערט אומעטיק אויפן האַרצן, די נשמה פלאַטערט, עס דריקט ערגעץ אונטערן לעפּעלע, אזעלכע חשבונות איז ניט היימ־לעך צו פירן, שווער צו פירן. מען ווערט פון פירן זיי — אָן איבערגעפירטער.

און איך בין איצט א בעל־יובל!

מיינע פופציק יאָר האָבן גורם געווען, אז איך בין נישט איינמאָל גע־וואָרן איבערגעפירט און פאַרפירט, אפילו איבערגעפאָרן — און איצט אָפּ־געפאָרן. 50 יאָר זיינען אוועק, אוועק ערגעץ אין גראָען חלל, פאַרטראָגן גע־וואָרן מיטן ווינט, ערגעץ ווייט, ווייט, און איך? —

א דאַנק דעם וואָס איך האָב דערגרייכט מיין פופציקסטן געבאָרן־טאָג, בין איך איצט דער העלד, פאַרשרייב איך און פאַרצייכן עס מיט אומעט און מיט פרייד. עס איז די פרייד מיינע און אויך מיין אומעט, — אפשר וועט זיך ווער דערמיט טיילן? — איך בין דאָך א בעל־יובל היינט — פופציק יאָר! — וואָס זשע זאָל איך טאָן, וויינען אָדער לאַכן?...

# פון דער קריטיק װעגן מײַן בוך „שמייכל און געלעכטער"

ש. ל אָ נ ש ײ ן („ניו־יאָרקער װאָכנבלאַט" ראש־השנה נומער תשי"א—1950 :

„הערש שישלער שרייבט לײַכט. זײַנע טיפּן זײַנען ייִדישע. זײַן הומאָר איז אַ בײַ־סיקער מיט אַ ביסל אָנגעפּעפּערטקייט. מען מוז צוגעבן, אַז ער האָט דאָך אַ שאַרפן בליק אויפן ייִדישן לעבן און פאַרשטייט דעם מענטשנס שװאַכקייטן. די קאָלעקציעס הומאָרעסקעס מאַכן אַ גוטן אײַנדרוק אויפן לייענער, װײַל צװישן די שפּאַרונעס פון דעם הומאָר דערקענט מען דעם פּנים פון ייִדישן לעבן אין דרום־אַפריקע.

הערש שישלער איז װערט אַ האַרציקן דאַנק פאַרן אַרויסגעבן דאָס בוך : זאָלן טאַקע ייִדן שמייכלען און לאַכן".

י. ד י אַ מ אָ נ ש ט ײ ן, („ליטעראַרישע העפטן" 1950) :

„נאָך אונדזער גרויסן אומגליק, נאָך אונדזער אומקום און נאָך אַלע קינות־ביכער הייבט אָן אונדזער הימל פון אונדזער ליטעראַרישער װעלט זיך אויסצולײַטערן, װי ס'זאָגט לוי גאָלד־בערג : מען שטייט שוין אויף פון „שבעה־בענקל". מען הערט אויף קלאָגן און זיפצן. מען הייבט זיך אָן אויסטשוכענען : עס װײַזט זיך אַ שמייכל, מען זאָגט אַ װיץ און מען פאַרגייט זיך אין לאַכן : אין אַ פריילעכן געלעכטער.

„דאָס בוך הומאָרעסקעס פון הערש שישלער „שמייכל און געלעכטער" געפעלט מיר מיט אַלע זײַנע חסרונות — קליינינקע חסרונות, נאָר פאַר דעם, װײַל זיי זײַנען קורץ. טע־מעס האָט דאָרטן מכל מאמינים שהוא. אין די 190 ז"ז האָט ער אפשר אַ הונדערט הומאָרעס־קעס, סאַטירעס און שאַרזשן. און װי ס'װײַזט אויס איז ה. שישלער אַ דורכגעטריבענער הו־מאָריסט : ער האָט זיך באַטייליקט און מיטגעאַרבעט בכל ארבע פּנות העולם — אין צײַ־טונגען און זשורנאַלן. אַז ער האָט אַ פען, קאָן מען גלייך אָנזען אין זײַן „במקום פאָרװאָרט".

„אין זײַן „ביאָגראַפיע"" זעט זיך אָן דער הומאָריסט, דער קינסטלער פון װאָרט־פלעכטן. זײַן גוסט צו בויען אַ הומאָריסטישן זאַץ אין גראָטעסק. ער פילט אין זײַן פלעכטן די װערטער אַ הילך פון קאָלירטע פאַרביקע גלעקעלעך. עס קלינגט דער געלעכטער פון האַרצן אַרויס. אַ פײַן בוך װאָס האָט מיר געגעבן אַ פאָר אָװנטן פאַרגעניגן. אין אַלגעמיין אַ בוך, דערשינען אין דרום־אַפריקע, דאַרף מען אָננעמען מיט אַ יישר־כּוח".

חיים ל אַ ז ד ײ ס ק י („דער װעג", מעקסיקע) :

„ה. שישלער האָט אַ גוט אַנטװיקלטן חוש פאַר טעמעס און עכט־קאָמישע אײַנפאַלן. ער בויט זײַנע הומאָרעסקעס אָפט אין פאָרם פון דערציילונגען מיט העלדן, פּערסאָנאַזשן, סצענקעס און גאַנצע דיאַלאָגן. אָט אין די דיאַלאָגן איז שישלער אַ גאַנצער מייסטער. ער באַװײַזט צו אַרויסקריגן די געװוינטשענע עפעקטן פון די געשפּרעכן צװישן זײַנע העלדן. שישלערס אַ דיאַלאָג און אַ הומאָרעסקע איז פול מיט אײַנפאַל און חן".

נ. שמן („יידישער זשורנאל״, טאָראָנטאָ, 1־טער דעצעמבער, 1949):

„דאָס בוך איז פון פיינערן יידישן הומאָר, געשריבן אין א באַחנטן סטיל און פון ליטעראַרישן ווערט שוין דערמיט, וואָס באַקענט אונדז — דורך דעם מחברס ברילן מיט דעם יידישן לעבן אין זיד־אַפריקע.

„הערש שישלער, א באַוווסטער יידישער זשורנאַליסט פון זיד־אַפריקע, א מיטאַרבעטער אין כמעט אלע יידישע אויסגאַבעס פונעם ערד־קוגל, האָט אונדז געגעבן אן אינטערעסאַנט ביכל פון יידישן לעבן אין דער גאָלדענער אפריקע״.

מ. ריווקינד („ציוניסטישע שטימע״, מינכען, 1949, סיום־נומער):

„לייענענדיק די קאַפּיטלען פון שישלערס בוך קומט מען אריין אין א סביבה פון געלעכטער. די טיפּן וואָס שישלער ברענגט ארויס אין זיינע לרוב געלונגענע סאַטירעס — די זויערזאַלצעס, די צופּקלאַפּס, די פענדזל־שמירערס — זיי, די שלי־מזלים ווילן ניט פאַר־שווינדן פון דער אויבערפלאַך.

„שמייכל און געלעכטער״ איז געשריבן מיט א לייכטער אַנציענדיקער שפּראַך. א יישר־כוח דעם מחבר״.

מלך טשעמני („די פּרעסע״ פון בוענאָס־איירעס, דעם 21־טן דע־צעמבער, 1950):

„שישלער האָט גוט געטאָן וואָס אויף איין זייטל האָט ער אָפּגעשטעלט דעם „זכור״ און אויף די רעשט — א צו־להכעיס דער וועלט — „שמייכל און געלעכטער״.

„שמייכל און געלעכטער״, דער גרעסטער טייל אין אים, איז א געלעכטער פון געווייסע נאָענטע טיפּן אינעם יידישן לעבן, זייער צוזאַמענגעוואַקסן מיט חיי־שעה און א שמייכל, געזען אין קרומען שפּיגל פון איינגעלעבטער ווירקלעכקייט״.

י. גיטלסאָן („יידישע פּאָסט״, אויסטראַליע, פון 17־טן אויגוסט, 1950):

„נאָכן אדורכלייענען עטלעכע ביכער פון א. ג. חורבן־ליטעראַטור און נאָך א שלעכטן געמיט־צושטאַנד איז הערש שישלערס בוך געווען פאַר מיר א רפואה. כ׳בין געוואָרן אויס־געהייטערט און פונעם פּנים מיינעם איז אראָפּ די פאַרצויגענע מרה שחורה.

„דאָס בוך איז מסוגל ארויסצורופן יידישלעך געלעכטער, און דאָס איז שוין — אין א געווייסער מאָס — א מדרגה. איך זאָג עס ניט בלויז פון מיין איבערצייגונג, נאָר כ׳בין אן עדות, ווי אזוי אן עולם יידן האָבן זיך היינטיקס יאָר צעלאַכט, בעת מר. פוקס (באַקאַנ־טער רעציטאַטאָר אין מעלבורן) האָט אין „קדימה״־זאַל פאָרגעלייענט פון ה. שישלערס בוך „שמייכל און געלעכטער״.

**Dr. A. Lichtigfield in the "Jewish Herald", Johannesburg, 18th November 1949— ,,Shmeichel un Gelechter" by H. Shishler (,,Kayor" Publishing House, Johannesburg) — is a book of short satiric character sketches, and will be found most amusing by the Yiddish reading public. Shishler has some international reputation in his particular field of writing having been a contributor to nearly all**

Yiddish periodicals of renown of the Old and New World. I have no doubt that many will enjoy his masterly presentation of scenes of Jewish life. The illustrations by A. Berry are first class, and constitute an additional attraction.

ל. גודמאַן („דרום־אפריקע", אויגוסט, 1952):

„די לעכערלעכקייט און קאָמיזם, דער גראָטעסק און פֿארקריפּלטקייט אין אונדזער געזעלשאַפֿטלעכן לעבן װערן אָפּגעשפּיגלט אין דעם קרומען שפּיגל פֿון הומאָר און סאַטירע דורך ה. שישלער אין זיין בוך „שמייכל און געלעכטער", דערשינען אין פֿאַרלאַג, „קאַיאָר", 1949".

י. מ. („דרום אפריקע", אָקטאָבער, 1949):

„דאָס בוך איז געשריבן געװאָרן מיט א זויבערער יידישער שפּראַך, און װען עמעצער װיל זיך פֿארװיילן, װיל פֿאַרגעסן דאָס האַװען און די דאגות, קאָן ער עס דערגרייכן, לייענענדיק הערש שישלערס „שמייכל און געלעכטער".

אַלע נעמען און כאַראַקטערן אין דעם בוך
זיינען פיקטיווע און האָבן ניט קיין שייכות
צו וועלכער ניט איז לעבעדיקער פּערזאָן.

